# אידישע אייניגקייט
# פאַר א זיג

פון

## ר. זאַלצמאַן



### באַריכט

פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, אידיש-אַמעריקאַנער סעקציע,

אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן

צו דער איסטערן קאָנפערענץ, 5טן דעצעמבער, 1942.



אַרויסגעגעבן פון

קאָאָפּעראַטיוון פאָלקס-פאַרלאַג פון דער אידישער סעקציע,

אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער אָרדן

פאַרזאַמלטע חברטעס און חברים:

מיר האָבן קוים פאַרענדיקט שרייבן דעם פּראָטאָקאָל פון אונדזער פאַראַ־יאָריקער איסטערן קאָנפערענץ, ווען די פאַשיסטישע ים־רויבער האָבן דורכגעפירט זייער עקלדיקן אָנפאַל אויף פּוירל־האַרבאָר — אַ פאַרברעכערישער אַקט, וואָס אונדזער אַמעריקאַנער פאָלק וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן. אונדזער נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע האָט גלייך אַוועקגעשיקט די פאָלגנדע טעלעגראַמע צו דעם פירער פון אונדזער לאַנד:

פּרעזידענט רוזוועלט,
ווהאַיט האַוז,
וואַשינגטאָן, ד. ק.

צוזאַמען מיט אַלע אַמעריקאַנער באַטראַכטן מיר מיט עקל די שענדלעכע און ניט־פּראָוואָצירטע אַטאַקע פון יאַפּאַן אויף די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס איז אַ טייל פון דעם נאַצי־פּלאַן פאַר וועלט־באַהערשונג. עס איז אַ טייל פון דעם נאַצי־באַנדיטיזם, וואָס האָט שוין פאַרוויסט די פעלדער און די שטעט פון אייראָפּע און כינע און וואָס זוכט איצט צו באַזיגן די לעצטע פעסטונגען פון דעמאָקראַטיע, ענגלאַנד, סאָוועטן־פאַרבאַנד און ענדלעך די פאַראייניקטע שטאַטן. אַט־די פאַרברעכערישע האַנדלונג האָט דערוועקט דעם צאָרן און די אויפרעגונג פון די אַמעריקאַנער מאַסן, וואָס וועט סוף כל סוף פאַרניכטן די האָרדעס פון באַרבאַריזם. אָן אונטערשייד פון קלאַס, גלויבן, פּאָליטישע איבערצייגונגען אָדער נאַציאָנאַלן אָפּשטאַם, זיינען די אַמעריקאַנער מאַסן פאַראייניקט ווי נאָך קיין מאָל פריער צו באַזיגן דעם געמיינזאַמען שונא. די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון דער אידישער סעקציע פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן, פאַרטרעטנדיק 31 טויזנט אידישע מיטגלידער אין די פאַראייניקטע שטאַטן, זאָגט צו אונדזער פולע און אומבאַגרענעצטע הילף, מר. פּרעזידענט, אין אָנפירן אַט־דעם הייליקן קאַמף. אַלס אידן ווייסן מיר זייער גוט די שרעקלעכע ליידן און פאַרפאָלגונגען און אפילו פאַרניכטונג, וואָס וואָלט געקומען ווען די פאַשיסטישע מאַכטן וואָלטן געוואונען. מיר זאָגן צו מאָביליזירן אונדזער גאַנצע מיטגלידערשאַפט, מענער, פרויען און קינדער, אַלע אונדזערע מיטלען, אונדזער פולסטע ענערגיע אין די אינטערעסן פון אונדזער לאַנד. מיר זאָגן צו, אַז מיר וועלן ניט רוען ביז וואַנען די וועלט וועט באַפרייט ווערן פון אָט־דער געפאַר צו שלום און זיכערקייט פון דער מענטשהייט.

אידישע סעקציע, אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן,
ר. זאַלצמאַן, סעקרעטאַר.

מיר האָבן געבראַכט דעם גאַנצן טעקסט פון אונדזער טעלעגראַמע, כדי פאַר זיך נאָך אַ מאָל קלאָר מאַכן אין דעם ליכט פון דער איצטיקער צייט אונדזערע גרויסע אויפגאַבן, וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט באַלד אויף מאָרגן נאָך

פוירל־הארבאָר, און כדי צו באַטראַכטן אויף ווי ווייט מיר האָבן דורכגעפירט אַט־דעם פייערלעכן צוזאָג, וואָס מיר האָבן געגעבן דעם פירער פון אונדזער לאַנד.

## אונדזער ענטפער אויף פוירל האַרבאָר

לאָמיר דאָ היינט, פאַרזאַמלטע פירער פון אונדזער אָרדן, אָפּפרישן אין אונדזער זכרון די ערשטע רעקאָמענדאַציעס צו אונדזערע ברענטשעס, אַז זיי זאָלן גלייך רופן ספּעציעלע מיטינגען, צו דיסקוסירן די ניי־געשאַפענע לאַגע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, און צו מאָביליזירן די פולע מיטגלידערשאַפט פון אונדזער אָרדן צו העלפן אונדזער נאַציאָנאַלער רעגירונג, די סטייט־רעגירונגען, און די שטאָטישע אדמיניסטראַציעס אין אַלע אַקציעס און אין אַלע מאָביליזאַציעס פאַר פולער שטיצע און הילף אין דער מלחמה.

מיר האָבן גערופן אונדזער מיטגלידערשאַפט צו אַ 100־פּראָצענטיקער רעגיסטראַציע אין אַלע צווייגן פון דער ציווילער פאַרטיידיקונג, און מיר האָבן גערופן יעדן ברענטש, אַז ער זאָל ווערן אַ וויכטיקער אינסטרומענט צו העלפן רעגיסטרירן יעדן איינציקן בירגער אין געגנט פאַר דער ציווילער פאַרטיידיקונג.

מיר האָבן אויפגעפאָדערט אונדזער אָרדן, אַז יעדער איינציקער ברענטש זאָל קויפן דעם מאַקסימום אין מלחמה־באַנדס און סטעמפּס, אַז אונדזערע ברענטשעס זאָלן ווערן אינסטרומענטן צו העלפן די פאָרשטייער פון אונדזער לאַנד צו פאַרקויפן די באַנדס און סטעמפּס צווישן די איינוואוינער אין געגנט, וואו אונדזער ברענטש געפינט זיך.

מיר האָבן פאַרלאַנגט פון אונדזערע ברענטשעס, אַז זיי זאָלן זיך אַקטיוו באַטייליקן אין אַלע הילפס־אַקציעס, סיי פאַר די אינסטיטוציעס, וואָס וועלן געשאַפן ווערן ביי אונדז אין לאַנד, ווי דער רויטער קרייץ, „יו־עס־אָ", און אַנדערע, סיי פאַר די הילפס־אַקציעס פאַר אונדזערע פאַרבינדעטע, און הויפּט־זאַכלעך פאַר הילף דעם וויכטיקסטן שותף פון אונדזער לאַנד, דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד.

עס איז געווען נאַטירלעך, אַז איינע פון די הויפּט־פאָדערונגען צו די ברענטשעס איז געווען דער פאַרלאַנג צו בויען איינקייט אין דעם אידישן לעבן. בויענדיק איינקייט אין דעם אידישן לעבן, וועלן מיר זיין בכח צו פאַרשטאַרקן די פּאָזיציעס פאַר איינקייט אין דעם אַלגעמיינעם אמעריקאַנעם לעבן, וואָס איז די הויפּט־גאַראַנטיע צו געווינען די איצטיקע מלהמה.

ווי אַזוי האָט אונדזער אָרגאַניזאַציע רעאַגירט אויף די ווענדונגען פון אונדזער פירערשאַפט? מיר האָבן ניט קיין פאַרלאַנג איבערצוטרייבן די ראָלע פון אונדזער אָרדן; פאַרקערט, מיר וועלן באַטראַכטן זייער קריטיש די אַלע שוואַכקייטן, וואָס זעען זיך אַרויס אין דער אַרבעט, סיי פון אונדזערע פירנדיקע אַפּאַראַטן ,סיי פון אונדזערע ברענטשעס. פונדעסטוועגן, איז נויטיק צו דער־

קלערן, אז אונדזער אָרדן אַלס אַ גאַנצער, און די אידיש־אַמעריקאַנער סעקציע, ווי אַ וויכטיקער טייל פון אונדזער אָרדן, האָט פאַרנומען אַ חשובע פּאָזיציע און האָט געענטפערט דעם רוף פון די פאָרשטייער פון אונדזער לאַנד אויף אַ ווירדיקן אופן. אָן איבערטרייבן, קאָן איך דאָ זאָגן, אז ס'איז ניטאָ קיין איין פּראָטערנאַלער אָרדן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס האָט באוויזן אין אַזאַ מאָס צו שטעלן אין דינסט פון לאַנד אַלע כחות, וואָס ער פאַרמאָגט, כדי צו העלפן געווינען די איצטיקע מלחמה.

עס איז ניטאָ קיין איין שטאָט, וואו מיר האָבן אַ בראַנטש, עס איז ניטאָ קיין איין געגנט, וואו עס וואוינען מיטגלידער פון אונדזער אָרדן, אז מיר זאָלן ניט האָבן אַ גרויסן טייל פון זיי אין דעם סאַמע לעבעדיקסטן און וויכטיקסטן נערוו פון דער ציווילער פאַרטיידיקונג אָרגאַניזאַציע, אַלס עיר־רייד וואָרדנס, אַלס וואָלונטירן צו העלפן פאַרקויפן מלחמה באַנדס און סטעמפּס, אַלס אָר־גאַניזאַטאָרן צו מאָביליזירן דעם מאַקסימום בלוט־געבער פאַרן רויטן קרייץ אין זייער געגנט, אַלס די, וואָס וועלן העלפן שטאַרקן די מאָראַל פון אונדזער באַפעלקערונג, ברענגען מוט און האָפענונג צו די טאַטעס און מאַמעס וועמעס זין געפינען זיך אויף די שלאַכטפעלדער אין אַלע טיילן פון דער וועלט, אַלס די, וואָס העלפן בויען אייניקייט אין דעם אידישן און אַמעריקאַנעם לעבן. וואָלט היינט געווען אונדזער אויפגאַבע אונטערציען אַ פולן פּאָזיטיוון סך־הכל פון דער אַרבעט פון אונדזער אָרדן, פאַרזיכער איך אייך, חברטעס און חברים דעלעגאַטן, אַז איך וואָלט ניט געהאַט קיין צו־שווערע און גרויסע אויפגאַבע, און עס וואָלט זיך באַקומען אַ פּרעכטיק בילד. מיר וועלן דאָס דאַרפן טאָן ביי דער ערשטער געלעגנהייט.

## מיר מוזן צוגיין קריטיש צו אונדזער אַרבעט

היינט זיינען מיר אָבער פאַרזאַמלט אויף זייער אַ וויכטיקער קאָנפערענץ צו באַטראַכטן, הויפּטזאַכלעך, ניט אַזוי דעם גרויסן בייטראָג, וואָס מיר האָבן גע־מאַכט, נאָר דער עיקר — געפינען דעם וועג, ווי אַזוי מיר קענען פאַרגרעסערן און פאַרשטאַרקן אונדזער בייטראָג. ווי אַזוי מיר קענען מאָביליזירן אונדזער גאַנצן אַפּאַראַט און אונדזער גאַנצע מיטגלידערשאַפט, כדי צו ווערן נאָך אַ גרעסערער פאַקטאָר אין לעבן פון אונדזער לאַנד. אָט דאָס איז אונדזער הויפּט־ציל היינט, און דעריבער מוזן מיר זיך באַנוגענען מיט דער אַלגעמיינער באַ־הויפּטונג פון אונדזער פּאָזיטיוון בייטראָג, און טאַקע גלייך איבערגיין צו די שוואַכקייטן, כדי די היינטיקע קאָנפערענץ זאָל אונדז ניט שטיין אין וועג, כדי אונדזער אָרדן זאָל פאַרנעמען נאָך אַ הערלעכערע און שענערע פּאָזיציע אין דעם אַלגעמיינעם קאַמף, וואָס צילט: וואָס שנעלער צו באַזיגן דעם גרעסטן

שונא פון דער וועלט, דעם גרעסטן שונא פון אונדזער לאַנד, דעם גרעסטן שונא פון אונדזער פאָלק — דעם פאַשיזם.

און דאָ ווילן מיר פאַר אונדז אַוועקשטעלן די הויפּט־פראַגע: איז דער ביטראָג, וואָס אונדזער אָרדן האָט געמאַכט, געווען אַ גענוגנדיקער, געמאָסטן מיט דער מאָס פון אונדזער צייט? מיר מוזן לײדער זאָגן — ניין. מיר זיינען ניט אין גאַנצן צופרידן. מיר זיינען באַקאַנט מיט די כחות פון אונדזער אָרדן. מיר זיינען באַקאַנט מיט די צאָלרייכע קאָמפּאַניעס, וואָס אונדזער אָרדן האָט דורכגעפירט אויף אַ סך געביטן; מיר זיינען באַקאַנט מיט דעם שיינעם בייטראָג, וואָס אונדזער אָרדן האָט געמאַכט אין פאַרלויף פון די 12½ יאָר, סיי אין דעם קאַמף פאַר סאָציאַלער פאַרזיכערונג, סיי אַלס הילפס־פאַקטאָר אין העלפן בויען די טרייד־יוניאָן באַוועגונג, סיי אַלס קולטור־פאַקטאָר אין דעם אידישן לעבן. מיר קענען די פּאָטענציעלע כחות, וואָס געפינען זיך צווישן אונדזערע ברענטשעס, און מיר קענען דעריבער זאָגן, מיט פולער אויטאָריטעט, אַז ווען מיר וואָלטן אָט־די אַלע כחות אויף אַ בעסערן, מער אָרגאַניזירטן אופן ארויסגעבראַכט, ווען מיר וואָלטן פולשטענדיק געענדערט דעם כאַראַקטער פון אונדזער אַרבעט, ווען מיר וואָלטן צו זיך געזאָגט, אַז מיר האָבן ניט קיין שום אַנדערע פּראָבלעמען צו פאַרהאַנדלען, אַז מיר האָבן בלויז איין פראַגע פאַר זיך — העלפן אונדזער לאַנד געווינען די מלחמה, און אַז די קלענערע פראַגן וועלן שוין באַזאָרגט ווערן במילא, ווען די הויפּט־פראַגע וועט געלייזט ווערן — ווען אונדזער גאַנצער אַקטיוו וואָלט דורכגעדרונגען געוואָרן מיט אָט־דעם געפיל, און וואָלט אים אָנגעווענדעט אין לעבן, דעמאָלט וואָלטן די רעזולטאַטן פון אונדזער אַרבעט געווען אָן אַ שיעור גרעסערע און אונדזער אָרדן וואָלט אין איצטיקן גוראַנגל פאַרנומען די פּאָזיציע, וואָס ער מוז פאַרנעמען, צוליב דעם לעבן פון אונדזער לאַנד, פון אונדזערע פרייהייטלעכע טראַדיציעס און אינסטיטוציעס, צוליב אונדזער חלום פון אַ בעסערער צוקונפט, צוליב דעם אַלעם, וואָס שטייט איצט אין קאָן צו פאַרניכטעט ווערן, צוזאַמען מיט אונדז אַליין.

און דעריבער וויל איך פרעגן ביי אונדזער גאַנצן פאַרזאַמלטן אַקטיוו עטלעכע זייער פּשוטע פראַגעס: פאַרוואָס איז מעגלעך, אַז דער בעט־ביטש צענטער אין ניו יאָרק זאָל זיין איינער פון די וויכטיקסטע צענטערן פאַר אַלע אַקציעס אין דער איצטיקער מלחמה, פאַרן רויטן קרייץ, פאַרן „יו. עס. אָ.", פאַר ציווילער דעפענס, און פאַרוואָס קאָן דאָס זעלבע ניט געטאָן ווערן אין דעם צענטער אין קוני איילאַנד, וואָס איז זייער נאָענט פון בעט־ביטש צענטער? אָדער — פאַרוואָס קאָן דער צענטער אין דעטראָיט פון ברענטש 42 זאַמלען 2 טאָנען „סקרעפּ", און פאַרוואָס קאָן עס ניט טאָן דער קליוולאַנדער צענטער אויף קינגזמאַן ראָוד אָדער 105טע גאַס? אָדער — פאַרוואָס קאָנען איינציקע פירנדיקע מיטגלידער פון די ברענטשעס פון אונדזער אָרדן פאַרנעמען אויסער־

געווינלעך וויכטיקע פּאָזיציעס אין דער ציווילער פּאַרטיידיקונג, פּאַרוואָס קאָנען זיי ניט אַריינברענגען דעם גאַנצן ברענטש זייערן אין אָט־דער אַרבעט? און — פּאַרוואָס קאָן איין ברענטש אונדזערער פּאַרקויפן פּאַר 50 טויזנט דאָלאַר באָנדס און סטעמפּס אין דעם געגנט, וואו דער ברענטש געפינט זיך, און דער אַנדערער ברענטש זאָל בלויז קאָנען פּאַרקויפן פּאַר 500 דאָלאַר באָנדס און סטעמפּס? און — פּאַרוואָס קאָן איין ברענטש אונדזערער דורכפירן אַ פּראַכט־פולע צערעמאָניע אין זיין געגנט ביים אויסהענגען אַ „סוירוויס"־פאָן און מאָביליזירן די גאַנצע באַפעלקערונג פּאַר אָט־דער נויטיקער אַקציע, און מיט 20 בלאָק ווייטער אין דעם זעלבן געגנט זאָל אַ צווייטער ברענטש ניט מאַכן דעם מינדעסטן פּרואוו דאָס דורכצופירן.

האָבן מיר אפשר צוויי טיפּן פירערשאַפט אין אונדזער אָרדן, צוויי טיפּן מיטגלידער אין אונדזער אָרדן? ניין. מיר האָבן בלויז נאָך איין טייל פירער־שאַפט, וואָס האָט זיך ניט איבערגעבראָכן אין דעם איצטיקן מאָמענט און ניט פאַרשטאַנען, אַז מען מוז אַוועקגיין פון דער פריערדיקער רוטין פון אַרבעט, אַז מיר לעבן אין אַן אַנדער צייט, אַז די צייט פאָדערט פון אונדז אַנדערע מעשים, אַן אַנדער באַציאונג צו דער אַרבעט. ערשט, ווען אונדזער גאַנצע פירערשאַפט וועט אַרויסווייזן געניג פּאָליטישע פאַרשטענדעניש און געניג גייסטיקן מוט צו מאַכן דעם איבערברוך, ערשט דעמאָלט וועלן די רעזולטאַטן פון אונדזער אַרבעט אויף דעם געביט זיין וויכטיקע און קאָנסטרוקטיווע, ניט נאָר אין אַ צאָל ברענטשעס, נאָר אין דעם גאַנצן אָרדן, אין יעדן ווינקל וואו מיר געפינען זיך.

## די לעצטע וואַלן און דער אָרדן

לאָמיר ברענגען נאָך אַ ביישפּיל: די לעצטע וואַלן. די אַפּיזערישע עלע־מענטן האָבן געטאָן אַלץ, וואָס זיי האָבן געקאָנט, כדי אין די וואַלן זאָלן זיך ניט אָפּשפּיגלען די הויפּט־אישוס פון אונדזער צייט, נאָר אַז דאָס הויפּט־אָרט זאָלן פאַרנעמען לאָקאַלע, אומוויכטיקע פּראָבלעמען. די אַפּיזערישע עלעמענטן האָבן געטאָן אַלץ, וואָס זיי האָבן געקאָנט, כדי די הויפּט־אישוס אין די וואַלן זאָלן פאַרטונקלט ווערן, ווייל אין ליכט פון די הויפּט־אישוס וואָלט מען דאָך געקאָנט דערזען זייער פּנים, און די באַפעלקערונג וואָלט זיך פון אָט־די אַפּיזערישע עלעמענטן אָפּגעקערט. וואָס פּאַר אַ ראָלע האָט אונדזער אָרדן באַדאַרפט האָבן געשפּילט אינעם וואַל־קאַמף? ער האָט באַדאַרפט און געקאָנט ווערן אַ קאָלאָסאַלער הילפס־פאַקטאָר פּאַר די כחות אין אונדזער לאַנד, וועלכע האָבן בלויז איין ציל פּאַר זיך אין דעם איצטיקן מאָמענט — געווינען די איצטיקע מלחמה, פאַרניכטן די העסלעכע כחות פון פאַשיזם אין יעדן ווינקל פון דער וועלט, פאַרטרייבן די

אפיזערס, כדי זיי זאָלן ניט קאָנען שפּילן יענע שעדלעכע ראָלע, וואָס זיי שפּילן.
יאָ. אונדזער אָרדן האָט געקאָנט זיין אַ כח אין אַלע ערטער צו העלפן יענע עלעמענטן ברענגען די הויפּט־אישוס פאַר דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג, כדי צו באַזייטיקן אַלע אַפּיזערישע עלעמענטן פון אונדזערע געזעצגעבערישע קערפּערשאַפטן און מאַכן מעגלעך, אַז די פירער פון אונדזער לאַנד זאָלן אָנגיין אומגעשטערט מיט דער פולשטענדיקער מאָביליזאַציע פון אַלע רעסורסן, וואָס אונדזער לאַנד פאַרמאָגט, כדי וואָס שנעלער אַרויסשטעלן דעם געאייניקטן כח פון אַלע פאַראייניקטע פעלקער, כדי וואָס שנעלער צו דערעפענען דעם צווייטן אייראָפּייאישן פראָנט און ברענגען וואָס שנעלער צו אַ זיג. איך וויל ניט, אַז מען זאָל מיך שלעכט פאַרשטיין. אונדזער אָרדן האָט אין אַ צאָל ערטער פאַרגומען אַן אָנגעזעען פּלאַץ סיי אין די „פּריימערים" און סיי אין די וואַלן. די דאָרטיקע רעגירונג־פירער האָבן געלויבט אונדזער אָרדנס ביישטייער אויף דעם געביט, אָבער לאָמיר ניט פאַרבייגיין די באַדייטנדיקע צאָל דורכפאַלן, וואָס מיר האָבן געהאַט.

נאָט אייך אַ קאָנקרעטן ביישפּיל: חבר העגרי קליינס וואַל־קאַמפּאַניע אין 2טן אַסעמבלי־דיסטריקט אין ברוקלין. חבר קליין, אַ אידיש־אַמעריקאַנער, דער קולטור־דירעקטאָר פון אונדזער אָרדן אין ניו יאָרק, האָט באַקומען איבער 30 טויזנט שטימען אין די וואַלן. עס האָבן אים געפעלט בלויז אַ זעקס טויזנט שטימען דערוויילט צו ווערן. איצט איז שוין קלאָר, אַז וואָלט אונדזער ניו יאָרקער שטאָטישע אָרגאַניזאַציע באַטראַכט די פראַגע אין דעם ליכט אין וועלכן מיר האָבן דאָ אויבן גערעדט, וואָלט חבר קליין איצט געווען אין דער אַסעמבלי. מיר וואָלטן געווען אין די וואַלן אויך אַן אויסגעצייכנטן אופן אַריינגעבראַכט די ברענענדיקע אישוס פון דער איצטיקער צייט. אונדזער ניו יאָרקער אָרגאַניזאַציע וואָלט געהאַט אַ ווירדיקן פאַרשטייער אין קאַמף קעגן די אַפּיזערישע עלעמענטן אין דער אַסעמבלי, אין קאַמף קעגן די ראַפּ־קודערטס. עס איז אמת, אַז מיר זיינען ניט קיין פּאָליטישע פּאַרטיי, מיר שטעלן ניט אַרויס קיין קאַנדידאַטן. אָבער אויב מיר האָבן געהאַט דעם כבוד, אַז די לייבאָר פּאַרטיי זאָל נאָמינירן אונדזער חבר קליינען, האָט עס געדאַרפט זיין די אויפגאַבע פון אונדזער גאַנצער ניו יאָרקער אָרגאַניזאַציע צו מאַכן אָט־די וואַלן פאַר אַ קאָנצענטראַציע־פּונקט פון אונדזער אַרבעט. ליידער, איז אונדזער פירערשאַפט ניט געשטאַנען אויף דער געהעריקער הויך צו באַגרייפן די ערנסטקייט פון דעם מאָמענט.

קליין איז ניט דער אייגציקער קאַנדידאַט. מיר האָבן געהאַט נאָך אייניקע קאַנדידאַטן אין ניו יאָרק און איבערן לאַנד, וועמען אונדזער אָרדן האָט באַדאַרפט העלפן דערוויילן. מיר האָבן דאָס ניט דורכגעפירט, וויל מיר האָבן ניט געהאַט די געהעריקע אָריענטאַציע, און דאָס האָט באַהערשט ניט נאָר די

טעטיקייט פון אונדזערע ברענטשעס, נאָר ליידער אויך די טעטיקייט פון אונ־דזערע העכערע קערפּערשאַפטן, אונדזערע דיסטריקט און שטאַטישע קאָמיטעטן.

עס איז קיין ספק ניט, אַז ווען דער אויסגאַנג פון די לעצטע וואַלן וואָלט געווען אַן אַנדערער וואָלטן די אַפּיזערישע עלעמענטן אין קאָנגרעס ניט געוואַגט אין דעם איצטיקן מאָמענט צו טאָן מיט דעם אַנטי־פּאָל טעקס ביל, דאָס, וואָס זיי האָבן געטאָן. זיי וואָלטן ניט געווען בכח צו זיין דער שטערערישער פאַקטאָר, וואָס זיי זיינען, אין דער איצטיקער מלחמה־צייט. בלויז דערפאַר, וואָס די קאָנ־סטרוקטיווע עלעמענטן פון לאַנד — און אונדז צווישן זיי — האָט זיך ניט איינגעגעבן צו ווערן אַ פאַקטאָר אין אויפשטורעמען די אַמעריקאַנער באַ־פעלקערונג פאַר די הויפּט־פּראָבלעמען פון אונדזער צייט, בלויז דערפאַר קאָנען די אַפּיזערס שפּילן זייער שעדלעכע ראָלע.

## די טראַגישע לאַגע פון די אידן

עס איז שוין באַלד צען יאָר ווי היטלער איז געקומען צו דער מאַכט. פון דעם ערשטן טאָג אָן האָט ער מיט דער ברוטאַליטעט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן פאַשיזם, זיך גענומען אויסראָטן די אידן. ער האָט עס ניט אויפגעהערט אויף קיין איין מאָמענט ביז דער מלחמה. זיינע רציחות איצט, בעת דער מלחמה, זיינען אומבאַשרייבלעך. און דאָך — איז ניטאָ קיין איינציקייט אין דעם אידישן לעבן. די טראַגעדיע ווערט נאָך גרעסער ווען מיר ווייסן, אַז צווישן די אידן בכלל, אידן פון אַלע קלאַסן, פון אַלע שיכטן, ברענט דער פאַרלאַנג צו פאַר־איינציקן די כחות אין קאַמף קעגן דעם שונא, וואָס וויל זיי פולשטענדיק אויס־ראָטן. און דאָך איז קיין איינציקייט ניטאָ.

גיט אַ קוק: בלויז אין די לעצטע טעג, וואָס פאַר אַ שרעקלעכע נייעס עס דערגרייכן אונדז!

נאָוועמבער דעם 11טן, באַריכטעט דורך דער „איטאַ":

„בעת אַ שלאַכט מיט די נאַציס אויפן דרומדיקן פראָנט, זיינען די רוסישע סאָלדאַטן דערשטוינט געוואָרן, דערזעענדיק ווי אַזוי אַרום 100 אַלטע אידישע מענער און פרויען, פיל פון זיי מיט קינדער אין די אָרעמס, גייען אין פראָנט פון די דייטשע טאַנקען אין דער ריכטונג פון די רוסישע טרענטשעס. פּלוצים — דערציילט דער קאָמאַנדיר איוואַן טראָיאַנאָווסקי, פון דער רויטער אַרמיי — האָבן די אידן גענומען גיין צוריק, און די דייטשע טאַנקען זיינען זיי אַריבערגעפאָרן."

און נאָט איך אַ צווייטע טעלעגראַמע, וואָס איז אָנגעקומען בלויז מיט 4 טעג שפּעטער, אויך דורך דער „איטאַ", דעם 15טן נאָוועמבער:

„זייער ווייניק אידן זיינען לעבן געבליבן אין לאַטוויע. . . . ניט נאָר איז די מערהייט פון די הונדערט טויזנט לאַטווישע אידן היינגעריכטעט

געוואָרן אין איינקלאַנג מיט דעם באַפעל פון דעם פירער, נאָר אויך טויזנטער אידן פון ווייס־רוסלאַנד, ליטע און פוילן זיינען געבראַכט געוואָרן קיין לאַטוויע און זיינען דאָרט געטויט געוואָרן אין מאַסן־שחיטות.״

און נאַט אייך נאָך אַן אויסצוג, וואָס פאַרגליווערט דאָס בלוט:

„ירושלים, נאָוו. 24 (איטאַ). — אידישע קינדער ביז 12 יאָר זיינען הינגעריכטעט געוואָרן אין די טויזנטער זינט די „פאַרניכטונג־קאָמיסיע״ איז געגרינדעט געוואָרן. . . . אויך עלטערע אידן זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אין מאַסן־שחיטות. אַלע געזונטע מענער זיינען רעגיסטרירט געוואָרן און מען האָט זיי דעפּאָרטירט צו אומבאַקאַנטע פּלעצער. אידישע פרויען זיינען אויך פאַרשיקט געוואָרן און מען ווייסט ניט וואו זיי זיינען אַהינגעקומען. . . .

„אין קעלץ, וואו 30 טויזנט אידן זיינען געהאַלטן געוואָרן אין אַ געטאָ, זיינען 27 טויזנט אַרויסגענומען געוואָרן פאַר דעפּאָרטאַציע אין פאַרלויף פון די לעצטע צוויי מאָנאַטן. פון זיי זיינען 15 הונדערט דערמאָרדעט געוואָרן אויפן אָרט, און די רעשטע זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן גרופּנווייז אויפן וועג צו די אומבאַקאַנטע ערטער.

„אין בריסק זיינען טויזנט אידן אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין דעם טייך בוג, וואו זיי זיינען דערטרונקען געוואָרן.

„אין פּיאָטריקאָוו זיינען פון 20 טויזנט אידן געבליבן 25 הונדערט, איינשליסנדיק 150 פרויען און קינדער.

„אין טשענסטאָכאָוו זיינען פון 40 טויזנט אידן פאַרבליבן בלויז 2 טויזנט.

„אין ביאַליסטאָק זיינען 15 הונדערט אידן צונויפגעטריבן געוואָרן אין דער גרויסער שול, וואו מען האָט זיי פאַרברענט לעבעדיקערהייט.

„אין דעם שטעטל טיקטין זיינען כמעט אַלע אידן באַגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט.״

און נאַט אייך נאָך איין טעלעגראַמע, וואָס איז אָנגעקומען דעם זעלבן טאָג, דעם 24טן נאָוועמבער, פון לאָנדאָן:

„די פּוילישע גלות־רעגירונג האָט היינט פאַרעפנטלעכט אַ באַריכט, אַז אַמווייניקסטנס אַ מיליאָן אידן זיינען שוין ביז איצט אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס אין פּוילן, און אַז דער געשטאַפּאָ־פירער, היינריך הימלער, האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל ביזן סוף יאָר אויסראָטן אַ העלפט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין נאַצי־אָקופּירטער פּוילן. . . .״

אָט־די אויסצוגן זיינען אַרויסגענומען געוואָרן פון טעלעגראַפישע באַריכטן, וואָס קומען פון אַלע טיילן פון דער וועלט, בלויז אין די טעג פון 11טן ביזן 24טן נאָוועמבער. שוידערלעכע נייעס, וואָס האָבן אונדז דערגרייכט בלויז אין די 15 טעג. און דאָך זיינען דאָ ביי אונדז אין דעם אידישן לעבן עלעמענטן, וועמעס איינציקע אויפגאַבע אין דער איצטיקער צייט איז צו שטערן, און ניט

צולאָזן, אַז עס זאָל געשאַפן ווערן איינִיקייט. דאַרף מען דען ברענגען היס־טאָרישע ביישפּילן צו באַווייזן וואָס אַזאַ האַנדלונג מיינט? וואָס האָט געמיינט פאַר פראַנקרייך דער פאַקט, וואָס דאָס פראַנצויזישע פאָלק איז ניט געווען גע־איינִיקט קעגן איר ביטערן פיינט? ווי דער היטלעריזם האָט אין אַזאַ קורצער צייט באַוויזן צו פאַרניכטן פראַנקרייך? די וואָס האָבן צעשטערט די פאָלקס־איינִיקייט אין פראַנקרייך האָבן אויסגעבעט דעם וועג פאַרן פאַשיזם. דאַרף מען דען האָבן בעסערע פאַקטן, ווי דאָס וואָס האָט פּאַסירט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס די גאַנצע וועלט מוז באַוואונדערן, אַז איינע פון די הויפּט־סיבות, פאַרוואָס היטלער האָט ניט געקאָנט באַזיגן דאָס לאַנד, ליגט אין דער איינִיקייט פון די סאָוועטישע פעלקער, צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד, וואָס זיי האָבן אויפגעבויט מיט אַזוי פיל פּראַצע און שווערער מי? און דאַרף מען דען ווען ווען די אידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן וואָלטן געווען פולשטענדיק פאַראייניקט, ווי עס פאָדערן פון אונדז די בלוטיקע אינ־טערעסן פון די אידן זעלבסט, אַז דעמאָלט וואָלטן מיר געקאָנט מאַכן נאָך אַ גרעסערן ביישטייער, סיי צו אונדזער לאַנד, וואָס פאָדערט מיט רעכט די גרעסטע קרבנות פון אַלעמען, און סיי צו אונדזער אידיש פאָלק. איך וויל ניט מען זאָל מיך שלעכט פאַרשטיין: אוודאי טראָגן די אידן צו, פּראָפּאָרציאָנעל, אַ גרויסן חלק אויף אַלע געביטן פון קאַמף. און אוודאי זיינען מיר זייער צופרידן פעסטצושטעלן, אַז אידן האָבן געגעבן מער סאָלדאַטן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, ווי עס איז די פּראָפּאָרציע פון דער אידישער באַפעלקערונג דאָ אין לאַנד, און אוודאי טראָגן די אידן צו זייער אַ חשובן חלק. אָבער מיר שטייען דאָך פּנים אל פּנים מיט דעם גרעסטן שונא, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט אין דער לאַנגער מאַרטירער־געשיכטע פון אונדזער פאָלק, און מיר דאַרפן פון זיך אַליין פאָדערן וואָס מער קרבנות און פאַרגרעסערן אונדזער אָנטייל אין קאַמף, וואָס מער און מער. מיט באַוואונדערונג לייענען מיר וועגן די העלדישע טאַטן פון אונדזערע מאיר לעווינס, פון די העלדישע טאַטן פון די אידן אין דער סאָוועטישער אַרמיי, פון די אידישע געריליעס, פון דעם העראָאיזם, וואָס די אידן ווייזן אַרויס — מיט דעם זיינען מיר שטאָלץ. אָבער וויפיל מער וואָלטן מיר נאָך געקאָנט דערגרייכן סיי אין דעם ביישטייער צו אונדזער לאַנד, סיי ווי אַ הילפס־פאַקטאָר און ווי אַ כח אין דער וועלט, ווען מיר אַליין וואָלטן געווען פול־שטענדיק פאַראייניקט!

און פונדעסטוועגן, אין ליכט פון דעם אַלעם, דאַרפן מיר ביי דער היינטיקער קאָנפערענץ דאָ נאָך דערציילן וועגן גוואַלדיקע שטערונגען, וואָס אַ שעדלעכע גרופּע אין דעם אידישן לעבן מאַכט טאָג־איין, טאָג־אויס, כדי צו שטערן יעדן שריט אין דער ריכטונג פון איינִיקייט. איך בין אָבער היינט זייער צופרידן צו דערציילן, אַז עס האָט זיך אָנגעפאַנגען ברעכן דאָס אייז, אַז יענע עלעמענטן

אין אידישן לעבן, וועלכע דערלאָזן ניט קיין איינִיקייט, אויב זיי וועלן אַזוי אָנגיין ווייטער, וועלן זיי זיך איזאָלירן פון דעם אידישן לעבן. דאָס לעבן וועט זיי פאַרבייגיין מיט פאַראַכטונג.

## וואָס זיינען די כחות-פאַרהעלטעניש אין אידישן לעבן אין דער פראַגע פון איינִיקייט?

עס בויט זיך דאָך די איינִיקייט! ווייל אין די טיפענישן פון די פאָלק-מאַסן האָט זיך אָנגעהויבן אָננעמען און שלאָגן וואָרצלען דער געדאַנק, אַז נאַציאָ-נאַלע איינִיקייט, דאָס מיינט נאַציאָנאַלער קיום. אפשר נאָך ניט אינגאַנצן קלאָר, אָבער די פשוטע פאָלק-מענטשן האָבן דערפילט, אַז אין פנים פון דער נאַצישער אכזריות און דער היטלערישער אַנטשלאָסנקייט אונדז אויסצוראָטן אַלס אַ פאָלק, מוז מען שאַפן די אינערלעכע נאַציאָנאַלע איינִיקייט, וואָס דאָס מיינט אַוועק-רוקן אויפן צווייטן פּלאַץ אַלע עקזיסטירנדיקע מיינונגס-פאַרשיידנהייטן, כדי צוזאַמען שאַפן אַ פאַראייניקטן כח קעגן דעם שונא. און מיט פרייד זאָגן מיר, אַז דער לאָזונג צו פאַראייניקן אַלע אידן פון אַלע ריכטונגען און שאַטירונגען, כדי צו העלפן געווינען די מלחמה און פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די אינטערעסן פון די אידן, איז אַריינגעדרונגען טיף צווישן אַלע אָרגאַניזאַציעס. מען קאָן מיט זיכערקייט זאָגן, אַז עס איז ניטאָ קיין איין אידישע אָרגאַניזאַציע וועמעס ברייטע מיטגלידערשאַפט גאַרט ניט נאָך איינִיקייט אין דעם איצטיקן מאָמענט.

### בני ברית

דער גרעסטער אָרגאַניזירטער כח אין דעם אידישן לעבן, באַזונדערס אין דער מיטל און ווייטער וועסט, איז די אָרגאַניזאַציע בני ברית. אָט דער אָרדן ציילט אַרום 150 טויזנט מיטגלידער און איז די עלטסטע אָרגאַניזאַציע אין דעם אידישן לעבן אין די שטאַטן, וועמעס ווירקונג-קרייז גייט אַ סך ווייטער ווי די ראַמען פון דער אייגענער אָרגאַניזאַציע. ביז מיט אַ יאָר צוריק זיינען די פירער פון דער אָרגאַניזאַציע, ליידער, געשטאַנען אויף דעם שטאַנדפּונקט פון דער שאַ-שאַ פּאָליטיק — אידן דאַרפן זיין „נידעריקער פון גראָז און שטילער פון וואַסער". ערשט אין דעם לעצטן יאָר, ווען די אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע אין די פאַר-אייניקטע שטאַטן האָט אָנגעפאַנגען אָננעמען אַ כאַראַקטער, וואָס האָט זיך אין איינִיקע ערטער גענרענעצט מיט דער היטלעריסטישער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַ-גאַנדע פון פאַר 1933, און ווען אַ גרויסע צאָל פּראָמינענטע אַמעריקאַנער פירער,

ניט־אידן, האָבן אָנגעהויבן איינזען די גוואַלדיקע געפאַר פון די אַנטיסעמיטישע אָרגאַניזאַציעס אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, ערשט דעמאָלט האָבן די פירער פון דער בני ברית אָנגעפאַנגען צוביסלעך ענדערן זייער שטעלונג.

צו דער גרויסער גרינדונג־קאָנפערענץ פון דעם אידישן קאָונסיל פון „ראַשיען וואָר רעליף" אין שיקאַגאָ האָבן די גרעסטע צוויי לאַדזשעס פון דעם בני ברית, די סאַמע ווירקסאַמע אָרגאַניזאַציעס פון דער וועלט, זיך באַטייליקט פּריער אַלס באַאָבאַכטער, און איצט זיינען זיי אריינגעצויגן געוואָרן אין דער אַרבעט צוזאַמען מיט דעם גרעסטן טייל אידישע פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס פון אַלע ריכטונגען און שאַטירונגען פון דעם אידישן לעבן אין שיקאַגאָ. נאָך מער: אָט־די צוויי גרעסטע לאַדזשעס האָבן אַפילו אָנגענומען רעזאָלוציעס, אויס־דריקנדיק זייער פאַרלאַנג, אַז די פירער פון דער בני ברית זאָלן רופן אַלע זייערע לאַדזשעס זיך צו באַטייליקן אין דער הילפס־אַקציע פאַרן סאָוועטן־פאַרבאַנד. מיר האָבן ניט גענוג מאַטעריאַלן צו קאָנען אָפּשאַצן אויף וויפיל אָט־די אייניקייט איז שוין אריינגעדרונגען אין דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע פון בני ברית, אָבער איין זאַך קאָן געזאָגט ווערן מיט זיכערקייט, און דאָס איז, אַז די בני ברית פירערשאַפט האָט אָנגענומען אַלע מיטלען, כדי די אָרגאַניזאַציע אַוועקצושטעלן אין פולשטענדיקער דינסט פון דער רעגירונג פון אונדזער לאַנד צו העלפן וואָס שנעלער געווינען די מלחמה. זייער אַרבעט אין מאָביליזירן די מיטגלידערשאַפט אין דער קאַמפּאַניע פאַר באַנדס און פאַר „סאַלוועדזש" קאָן באמת זיין אַ מוסטער פאַר אַ סך אַנדערע אָרגאַניזאַציעס.

## דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס

דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס האָט זייער אַ גרויסן איינפלוס אין דעם אידישן לעבן. ווי דער אידישער וועלט־קאָנגרעס, האָט ער לויט זיין פּראָגראַם געשטרעבט אַלע יאָרן צו ווערן די אָרגאַניזאַציע פון דעם אָרגאַניזירטן אידנטום, פון אַלע ריכטונגען אין דעם אידישן לעבן. און ווען דער אידישער קאָנגרעס וואָלט דאָס טאַקע געווען, וואָלט ער אָן ספק פאַרנומען דעם סאַמע ווירקזאַמסטן פּלאַץ אין דעם אידישן לעבן. דער גרעסטער שטער אויפן וועג דאָס צו פאַרווירקלעכן איז, לויט אונדזער מיינונג, געווען און איז פאַרבליבן די קליינע, סעקטאַנטישע גרופּע, די פּועלי־ציוניסטן, מיט נאָך אַ צאָל ציוניסטן, וועלכע זיינען לײדער אונטערן איינפלוס פון די רעאַקציאָנערע עלעמענטן אין דעם ציוניזם. זיי האָבן די גאַנצע צייט ניט דערלאָזט דעם אַמעריקאַנעם אידישן קאָנגרעס צו ווערן יענער כח, וועלכן די גרינדער פון דעם קאָנגרעס האָבן געוואָלט.

די שיקאַגאָ „עמוירדזשענסי"־קאָנפערענץ פון דעם אַמעריקאַנעם אידישן קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען דעם יאָר, האָט אָנגענומען אַ פּראָגראַם, וואָס

איז געווען דער סאַמע בולטסטער אויסדרוק פון אַן אייניקייט־פּראָגראַם אויף וועלכן עס וואָלטן געקאָנט איינשטימען אַלע גרופּירונגען אין דעם אידישן לעבן, אַ פּראָגראַם, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט, אַז דער קאָנגרעס זאָל נעמען אויף זיך די איניציאַטיווע צוזאַמענצונעמען דאָס צעריסענע, צעפּיצלטע אידישע לעבן און שאַפן אַ גרויסן געזעלשאַפטלעכן כח אין די פאַראייניקטע שטאַטן, סיי פאַר דעם, אַז אידן זאָלן מאַכן דעם גרעסטן בייטראָג צו אונדזער לאַנד אין דער איצטיקער מלחמה, ווי עס ווילן אַלע אידן פון אַלע פאַרטייען, פון אַלע גרופּירונגען, פון אַלע ריכטונגען, סיי פאַר דעם אַז עס זאָל געשאַפן ווערן דער אמתער פאַראייניקטער אויסדרוק פון אַלע אידן, פאַר די אינטערעסן פון דעם אידישן פאָלק, אין אַלע ווינקלען פון דער ערד.

די שיקאַגאָ „עמוירדזשענסי״־קאָנפערענץ פון דעם אַמעריקאַנעם אידישן קאָנגרעס האָט אָנגענומען אַ „קאָמיוניטי״־פאָרמע פון אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל איינשליסן אַלע אָרגאַניזאַציעס אין דער קאָמיוניטי פאַר דער אויבן־דערמאָנטער פּראָגראַם. אַזוי, אַז מיר ,אין אָרדן, באַקאַנט ווערנדיק מיט דעם אינהאַלט פון אָט־דער „עמוירדזשענסי־קאָנפערענץ, האָבן אויף אַ וואַרעמען אופן באַגריסט די באַשלוסן פון דער קאָנפערענץ און אינפאָרמירט די פירער פון דעם אַמערי־קאַנעם אידישן קאָנגרעס, אַז מיר זיינען גרייט מיטצוהעלפן צו פאַרווירקלעכן די באַשלוסן אין לעבן. מיר זיינען געווען גרייט צו אַרבעטן פאַר דער פּראָגראַם מיט לייב און לעבן.

מיר האָבן אינפאָרמירט די פירער פון דעם קאָנגרעס, אַז מיר האָבן ניט קיינע באַזונדערע אינטערעסן, אויסער די פּראָגראַם און די נויטן פון די אידן אין דעם איצטיקן מאָמענט, ווי עס איז פאָרמולירט געוואָרן אויף דער שיקאַגאָ „עמוירדזשענסי״־קאָנפערענץ.

עס איז אפשר וויכטיק פאַר אונדזערע דעלעגאַטן צו וויסן, אַז אין אונדזערע באַגעגענישן מיט די וויכטיקסטע פירער פון דעם אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס האָבן מיר געפילט, אַז זיי פערזענלעך וואָלטן זייער שטאַרק געוואָלט, אַז אָט־די אָנגענומענע פּראָגראַם אין שיקאַגאָ זאָל דורכגעפירט ווערן. אונדז דוכט זיך, אַז זיי פילן אונדזער אויפריכטיקע כוונה און פאַרשטייען, אַז מיר זוכן דאָ ניט קיין פאַרטייאישע אינטערעסן, און אַז אונדזער אריינקומען וואָלט זיי זייער שטאַרק געהאָלפן אָט־די נויטיקע און לעבנס־וויכטיקע פּראָגראַם דורכפירן אין לעבן. נאָר ערגעץ, האָבן מיר דערפילט, ליגט אַ טויטע האַנט, וועלכע דערלאָזט ניט דעם אַמעריקאַנעם אידישן קאָנגרעס צו ווערן אַ געזונטער, קאָנסטרוקטיווער כח אין דעם אידישן לעבן.

פונדעסטוועגן זיינען מיר זייער צופרידן, וואָס מיר קאָנען אויף אונדזער איסטערן־קאָנפערענץ דאָך פעסטשטעלן, אַז דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס האָט זיך דאָך באַוואויגן אין דער ריכטונג. דער פאַקט, וואָס דער אַמעריקאַנער

אידישער קאָנגרעס האָט געענטפערט אויפן רוף פון די סאָוועטישע אידן, אין דער צייט, ווען די איינגעשפאַרטע עלעמענטן האָבן דאָס אוודאי ניט געוואָלט; דער פאַקט, וואָס ראַבאַי וויַיז האָט פאַר דער ניו יאָרקער קאָנפערענץ פון דעם „יונייטעד דזשואיש עפּאָרט" דעם אָרדן איינגעלאַדן זיך צו באַטייליקן אין דער קאָנפערענץ (מיר האָבן פאַרלאַנגט פון ראַבאַי וויַיז, אַז מיר זאָלן קריגן אַן אָפיציעלע איינלאַדונג פון דעם אַמעריקאַנעם אידישן קאָנגרעס, פּונקט ווי עס איז געטאָן געוואָרן מיט אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, און מיר האָבן געזאָגט, אַז מיר ווילן ניט אַריינקומען אין דעם קאָנגרעס, אָדער אין די אַקציעס פון דעם קאָנגרעס, דורך אַ הינטער־טיר); דער פאַקט ,וואָס ראַבאַי וויַיז האָט אין אַן עפנטלעכער דערקלערונג צו דער פּרעסע געזאָגט, אַז אין פּרינציפּ זיינען מיר געווען דערפאַר, אַז דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס זאָל אָנפאַנגען אַ קאַמ־פּאַניע פאַר טאַנקען און עראָפּלאַנען, ווי אַן ענטפער אויפן רוף פון די סאָוועטישע אידן; דער פאַקט, וואָס די מערסטע פירער פון דעם אַמעריקאַנעם אידישן קאָנגרעס אין ניו יאָרק און איבערן גאַנצן לאַנד זיינען געוואָרן אַ טייל פון דעם אידישן קאונסיל פון „ראַשיען וואָר רעליף" און פאַרנעמען דאָרט די סאַמע חשובסטע פּאָזיציעס — די אַלע פאַקטן באַווייזן, אַז דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס האָט זיך אָנגעהויבן באַפרייען פון יענע שעדלעכע עלעמענטן, וואָס שטערן די איינקייט אין דעם אידישן לעבן.

## די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע

די ציוניסטישע באַוועגונג דערנענטערט זיך צו דער נייער אָריענטאַציע, פון וועלכער דער פּאָרקעמפער איז געווען דער פאַרשטאָרבענער אב. גאָלדבערג. ער האָט עס אויסגעדריקט אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן, אַז: „דער גורל פון די אידן איבער דער גאַנצער וועלט און באַזונדערס פון די מיליאָנען אידן, וואָס געפינען זיך אין אייראָפּע, איז ענג פאַרבונדן מיט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. און זייענדיק באַקאַנט מיט דעם ווי אַזוי דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט געלייזט די נאַציאָנאַלע פראַגע ביי זיך אין לאַנד, בין איך זיכער, אַז ער וועט ביים פרידנס־טיש שטיצן די אידייע פון פרייהייט פאַר אַלע פעלקער, און פרייהייט און גלייכבאַרעכטיקונג פאַר די אידן אין אַלע לענדער, וואו זיי וואוינען, און ער וועט אויך העלפן, אַז די אידן זאָלן האָבן זייער ווינקל אין פּאַלעסטינע."

דער פּאַלעסטינער אידישער ישוב האָט אָט־די געדאַנקען פאַרקערפּערט אין קאָנגרעס האָט זי דאָנגעהויבן באַפרייען פון יענע שעדלעכע עלעמענטן, וואָס אידענטיפיצירט מיטן קאַמף פון די פּאַראייניקטע פעלקער, נאָר אויך מיט זיין אַקטיוון אויסדרוק פון סאָלידאַריטעט מיט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. צו אַ הויך־פּונקט האָט דאָס דערגרייכט אויף דער לעצטער פּאַלעסטינער קאָנפערענץ פון דער

„וויקטאָרי ליג פאָר אייד טו ראָשיע״ און די באַדייטנדיקע מתנה פון דער „הסתדרות״ צו דער רויטער אַרמיי.

לאָמיר ברענגען אַן אויסצוג פון איינעם פון די ווייכטיקסטע פאָרשטייער פון דעם ציוניזם, פון דעם פּרעזידענט פון דעם אַלוועלטלעכן אידישן קאָנגרעס, דר. נחום גאָלדמאַן, פון זיין רעדע דעם 24טן מאַי, 1942 :

„דער סאָוועט־רוסישער אידנטום טוט זיין פולן חלק אין דעם קאַמף. דער סאָוועט־רוסישער אידנטום האָט באַוויזן דער וועלט, וואָס אַ אידישער קיבוץ קאָן טאָן, ווען מען גיט אים די פולע גלעגנהייט, צו מאַכן אַ ביי־טראָג צו דער מלחמה־אָנשטרענגונג. נייע טיפּן פון אידישע קעמפער אַנט־וויקלען זיך היינט אין סאָוועט־רוסלאַנד. מיר לייענען וועגן אידישע גענעראַלן, אידישע קאָמאַנדירן, אידישע גערילאַ־קעמפער — נייע, מערק־ווירדיקע דערשיינונגען אין דעם לעבן פון גלות־אידנטום. אין די פאַריקע צען יאָר, ווען עס האָט זיך ערגעץ געפונען אַ אידישער גענעראַל, האָט מען אויף דעם געקוקט ווי אויף אַ מערקווירדיקן אויסנאַם, ווי אויף אַן אויסערגעוויינלעכער זאַך. אין רוסלאַנד איז דאָס זעלבסט־פאַרשטענדלעך. אידישע גענעראַלן און קאָמאַנדירן זיינען פונקט אַזאַ נאַטירלעכע דערשיינונג ווי ניט־אידישע גענעראַלן און קאָמאַנדירן. דאָס איז אַ ווייכטיקער באַוויז, אַז די אידן פון רוסלאַנד געניסן היינט אַבסאָלוט פולע גלייכהייט.״

לאָמיר אייך ברענגען נאָך איין אויסצוג פון דר. נחום גאָלדמאַן. ער שליסט זיין אויבן־ציטירטע לענגערע רעדע מיט די פאָלגנדיקע ווערטער :

„. . . רעדנדיק אַלס פאָרזיצער פון דעם אדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט פון דעם אידישן וועלט־קאָנגרעס, און אַלס אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, שיק איך היינט ,מיט די טיפסטע געפילן און מיט דער פולער אָפּשאַצונג פון דער ווייכטיקייט פון דעם מאָמענט, מיין באַגריסונג צום רוסישן אידנטום און זאָג צו זיי : ווי גליקלעך מיר זיינען ווידער צו זיין צוזאַמען און שטיין מיט זיי אין קאַמף קעגן אַלגעמיינעם שונא, און אַז איך האָף אויף זייער הילף און קאָאָפּעראַציע, ווען דער טאָג פון נצחון וועט ברענגען גערעכטיקייט און דערלייזונג צו אַלע פעלקער פון דער וועלט.״

דר. חיים ווייצמאַן, דער פירער פון דעם ציוניזם איבער דער וועלט, האָט אין זיין מעסעדזש צו דעם שרייבער־ און קינסטלער־קאָמיטעט אין קארנעגי האָל, זונטיק, דעם 29טן נאָוועמבער, דערקלערט :

„כ׳בין גליקלעך זיך אָנשליסן אָן אייך צו דער געלעגנהייט דורך אויס־דריקן מיין סאָלידאַריטעט מיט די אידן פון רוסלאַנד און אַלע בראַווע און העלדישע מענער און פרויען פון דעם פאַרבאַנד פון סאָוועטישע סאָציאַ־ליסטישע רעפּובליקן אין זייער קאַמף קעגן דעם אַלגעמיינעם שונא פון דער גאַנצער מענטשהייט.״

און אַ ביסל ווייטער אין דעם זעלבן מעסעדזש דערקלערט דר. וויצמאַן:

„צוזאַמען מיט אַלע דעמאָקראַטישע קרעפטן פון דער וועלט פרייען מיר זיך מיטן וואַקסנדיקן פאַרנעם פון דעם נצחון פון דער רוסישער אַרמיי. צום 25טן יובילייַ פון דער רוסישער רעוואָלוציע דריקן מיר אויס ניט נאָר אונדזער סאָלידאַריטעט מיטן רוסישן אידנטום, נאָר מיר שיקן אונדזערע פּראַטערנאַלע גרוסן צו אַלע פעלקער פון דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. זאָל דאָס בלוט פון די בראַווע פאַרטיידיקער פון רוסישן באָדן און דאָס בלוט פון די קעמפנדיקע אידן אין פּאַלעסטינע און אַנדערע ערטער אונדז צוזאַמענבינדן פאַר דער בויאונג פון אַ בעסערער וועלט פאַר אַלע פעלקער פון אַלע לענדער.”

אָט־די נייע אָריענטאַציע אין דעם ציוניזם איז אָן ספק געווען זייער אַ וויכטיקער בייטראָג צו דער בויאונג פון אייניקייט דאָ ביי אונדז אין לאַנד. עס איז אויך געווען נאַטירלעך, אַז די עלעמענטן אין דעם ציוניזם, וועלכע אַרבעטן מיט אונדז זייער נאָענט אין דעם אידישן קאָנסיל פון „ראָשיען וואָר רעליף”, אין דעם שרייבער־ און קינסטלער־קאָמיטעט ,אַז זיי זאָלן פאַר אונדז אַוועקשטעלן די פראַגע: וואָס איז אונדזער באַציאונג צו פּאַלעסטינע? מיר זיינען זייער צופרידן צו דערקלערן, אַז אַ צאָל בלבולים, וואָס מען האָט אויף אונדז אויסגעטראַכט, האָבן אין פאַרלויף פון דער אַרבעט געפּלאַצט. בייגעטראָגן האָט אויך דאָס, וואָס מיר האָבן ביי אייניקע געלעגנהייטן קלאָר געמאַכט אונדזער שטעלונג. אונדזער נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע האָט געהאַלטן פאַר נויטיק, ביי דעם מעמאָריאַל־מיטינג נאָך אב. גאָלדבערג, דעם 30טן יוני, 1942, דורך אונדזער סעקרעטאַר, וועלכער איז געווען איינער פון די רעדנער, אַרויסצוברענגען אונדזער שטעלונג. מיר ווילן דאָ ברענגען בלויז אייניקע אויסצוגן — סיי כדי צו ברענגען דעם שטאַנדפּונקט פאַר אונדזער איסטערן־קאָנפערענץ, סיי כדי נאָך אַ מאָל קלאָר צו מאַכן אונדזער פּאָזיציע פאַר דער ברייטער אידישער עפנטלעכקייט. אין מיין רעדע אין דער קאָסמאָפּאָליטאַן אָפּערא הויז האָב איך, צווישן אַנדערעס, געזאָגט:

„די אידישע סעקציע פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן, אַ פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיטן אידישן לעבן און וווירקט צווישן די אידישע פאָלקס־מאַסן און העלפט בויען אונדזער אידישע קולטור, דערקלערט, אַז מיר באַטראַכטן דעם האַלבן מיליאָן אידן אין פּאַלעסטינע ווי אַ לעבעדיקן, וויכטיקן גליד פון דער אידישער משפחה, און אַז מיר האָבן מיט באַוואונדערונג נאָכגעפאָלגט דעם גרויסן אויפטו פון די האָרעפּאַשנע אידישע מאַסן אין ארץ ישראל, וועלכע האָבן געזוכט זיך צו פּראָדוקטיוויזירן און מיט זייער מי און פּראַצע צו שאַפן פאַר זיך אַן ערלעך לעבן.

„אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט זיך אין פאַרשיידענע צייטן אַקטיוו באַטייליקט אין דעם קאַמף פאַר די רעכט פון אונדזערע ברידער אין פאַר־

שיידענע לענדער, און העלפן אונדזערע ברידער אין פּאַלעסטינע האַלטן מיר פאַר אונדזער נאַטירלעכער און ערלעכער פליכט, ווייל מיר האַלטן, אַז דער פּאַלעסטינער ישוב איז אַ חשובער גליד פון דעם גאַנצן אידישן לעבן."

און אַ ביסל ווייטער אין דער זעלבער רעדע, האָבן מיר דערקלערט:

„. . . אין דער איצטיקער שווערער שעה אין דעם לעבן פון דער וועלט, אין דעם לעבן פון אונדזער לאַנד, די פאַראייניקטע שטאַטן, אין לעבן פון די אידן איבער דער וועלט, אין אַ מאָמענט ווען די העסלעכע לאַפּע פון פאַשיזם האָט שוין אָנגעהויבן אריינדרינגען אין עגיפּטן, דריקן מיר אויס אונדזער האָפענונג און גלויבן, אַז די מערדערלעכע לאַפּע פון פאַשיזם וועט קיינמאָל ניט דערגרייכן די ערד פון ארץ ישראל, און אַז אין אַ וועלט פריי פון פאַשיזם וועט זיך דער גרויסער סאָוועטישער אידישער ישוב, צוזאַמען מיט דעם פּאַלעסטינער ישוב, צוזאַמען מיט די אידישע ישובים פון אַלע אַמעריקאַנער לענדער, צוזאַמען מיט די באַנייטע אידישע ישובים, וואָס וועלן אויפגעבויט ווערן אין אַלע לענדער וואָס וועלן זיך באַפרייען פון דעם יאָך פון פאַשיזם, אַז זיי וועלן אין ענגער האַרמאָניע מיט די פעלקער און מיטבירגער פון זייערע לענדער וואו זיי וואוינען, ווייטער שפינען דאָס אידישע לעבן, פאַרזיכערן דעם ווייטערדיקן קיום פון אונדזער פאָלק און פון דער גרויסער קולטורעלער ירושה, וואָס אונדזער פאָלק האָט געשאַפן."

איך בין זיכער, פאַרזאַמלטע דעלעגאַטן, אַז אין קאָמפּאָפּאָליטען אָפּערע הויז האָב איך אויסגעדריקט ניט נאָר די מיינונג פון דער פירערשאַפט פון אונדזער אָרדן, פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, נאָר אויך אייער שטעלונג צו אַט־דער פראַגע, וואָס האָט ליידער אַרויסגערופן אַזוי פיל מיספאַרשטענדענישן, און ניט־ערלעכע עלעמענטן אין דעם אידישן לעבן האָבן עס אויסגענוצט, כדי ניט צו דערלאָזן, אַז איניקייט זאָל געשאַפן ווערן צווישן די אידן אין לאַנד.

## דער אידישער אַרבעטער קאָמיטעט

די פירער פון דעם אידישן אַרבעטער קאָמיטעט האָבן אין דעם לעצטן יאָר ווייטער געשפּילט זייער טרויעריקע ראָלע אין דעם אידישן לעבן. מיר זאָגן די פירער פון דעם אידישן אַרבעטער קאָמיטעט, און מיר ווילן אונטערשטרייכן, אַז ניט אַלע פירער. אויך אין דעם אידישן אַרבעטער קאָמיטעט איז פאַראַן אַ צאָל פירנדע עלעמענטן, וואָס שטימען ניט איין מיט דער שעדלעכער פּאָליטיק פון די ראָגאָפּס און כאַנינס, וועלכע ווילן דורכאויס פאַרפירן דעם אידישן אַר־בעטער קאָמיטעט און מאַכן פון אים אַן אַרויסהעלפער פון דער סאַמע פינצטערסטער רעאַקציע אין אַמעריקע.

לאָמיר אַ ביסל גענויער קלאָר מאַכן, וואָס מיר מיינען מיט דעם אויבנ־געזאָגטן: נאָך אין 1933 האָט אונדזער אָרדן פאַרשטאַנען ווי לעבנס־נויטיק

עס איז צו פאראייניקן דאָס אידישע לעבן, כדי צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די אידן איבער דער גאַנצער וועלט. מיר האָבן ניט אויפגעהערט רופן צו אייניקייט און ניט אויפגעהערט טאָן אַלץ, וואָס איז נאָר געווען אין אונדזערע כחות צו העלפן דערנענטערן דעם טאָג, ווען אייניקייט וועט געשאַפן ווערן. אָבער ס׳איז געווען איין כח אין דעם אידישן לעבן, וואָס האָט זיך געשטעלט איין-אייניציקע אויפגאַבע: צו שטערן יעדן שריט אין דער ריכטונג פון פאראייניקן דאָס אידישע לעבן. וואָס האָט זיי געאַרט דאָס לײַדן פון די אידן איבער דער וועלט? וואָס האָט זיי געאַרט דער מוראדיקער וואוקס פון דעם אַנטיסעמיטיזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן? זאָל די וועלט אונטערגיין, אָבער זיי מוזן זייערס אויספירן!

נאָך דעם 22טן יוני, ווען היטלער איז באַפאַלן דעם סאָוועטן-פאַרבאַנד, ווען אַ סך פון די ווילדע ליגנס וואָס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן וועגן דעם סאָוועטן-פאַרבאַנד האָבן אָנגעהויבן פּלאַצן ווי זייפן-בלאָזן, און ווען די אידישע מאַסן האָבן אָנגעהויבן איינזען ווער עס זיינען אויף אַן אמת זייערע פריינט; ווען זיי האָבן דערזען, אַז דער סאָוועטן-פאַרבאַנד האָט געראַטעוועט מיליאָנען אידן פון היטלערס בלוטיקע נעגל, און ווען איבערנאַכט איז די סימפּאַטיע פון די ברייטסטע אידישע מאַסן איבערגעגאַנגען קלאָר אויף דער זייט פון סאָוועטן-פאַרבאַנד — אין יענער צייט איז דער „פאָרווערטס" און אויך אַ טייל פון די פאַרביסענע, פאַרביטערטע פירער פון דעם אידישן אַרבעטער קאָמיטעט, אַרויסגעקומען מיט אַ דערקלערונג, אַז איצט וועלן מיר בנוגע סאָוועטן-פאַרבאַנד פאַרגעסן אַלע חשבונות און מיר וועלן אַרבעטן מיט אַלע כחות, כדי צו געבן די גרעסטע הילף דעם סאָוועטן-פאַרבאַנד. יענע דעקלאַראַציע האָבן מיר וואַרעם באַגריסט ביי אונדזער פאַראַיאָריקער קאָנפערענץ. מיר האָבן דעמאָלט געשריבן:

„גיט אַ קוק ווי דער „פאָרווערטס" פון שבת, דעם 8טן נאָוועמבער, האָט קאָמענטירט אין אַן עדיטאָריעל אויף דער רעדע, וועלכע סטאַלין האָט געהאַלטן אין מאָסקווע דעם 7טן נאָוועמבער. דער עדיטאָריעל פאַנגט זיך אָן מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„פאַר אַלע פרייהייט-ליבנדיקע און דעמאָקראַטישע עלעמענטן פון דער וועלט איז געווען זייער דערפרייענדיק סטאַלינס רעדע לכבוד דעם 24טן יובילײַ פון דער רוסישער רעוואָלוציע. ענגלאַנד, אַמעריקע און אַלע אַנדערע דעמאָקראַטישע לענדער האָבן אויפגענומען סטאַלינס רעדע מיט פרייד און באַגייסטערונג."

„און נאָט אייך דעם לעצטן פאַראַגראַף פון דעם זעלבן עדיטאָריעל:

„עס איז אפשר אויך דאָ גרויס באַדייטונג אין דעם, וואָס סטאַלין האָט גערעדט וועגן דער איצטיקער מלחמה ניט ווי אַ מלחמה צווישן נאַציזם און באָלשעוויזם, נאָר ווי וועגן אַ מלחמה פון דער פרייהייט פון

די לענדער, וואָס ליגן פאַרשקלאַפט אונטער דער נאַצישער הערשאַפט. און אין דער מלחמה, זאָגט סטאַלין, שטייט סאָוועטן־פאַרבאַנד אייזן־פעסט מיט ענגלאַנד און אַמעריקע."

„אמת, אין דעם זעלבן עדיטאָריעל זיינען אויך דאָ איניקע שאַרפע ווערטער, אָבער דער גייסט פון דעם עדיטאָריעל איז אַ גוטער און עס ווייזט, אַז אויך דער „פאָרווערטס", וואו עס געפינען זיך די גרעסטע צאָל פאַר־ביסענע, האָט געמאַכט אַן ענדערונג."

ווי איר זעט פון אונדזערע קאָמענטאַרן אויף יענעם עדיטאָריעל פון דעם „פאָרווערטס", זיינען מיר פון אונדזער זייט גרייט געווען אין דעם איצטיקן מאָמענט צו פאַרגעסן דאָס וואָס טיילט אונדז פאַנאַנדער, און געדענקען דאָס וואָס פאַראייניקט אונדז. מיר האָבן געהאָפט, אַז אָט־דער גייסט וועט דאָך באַ־הערשן די פירער פון דעם „פאָרווערטס" און במילא שוין אויך די דאָמינירנדע כחות אין דעם אידישן ארבעטער קאָמיטעט, צו העלפן סיי דאָס בויען איניקייט אין דעם אידישן לעבן, און סיי דער אַקציע פון הילף פאַר דעם הויפּט־שותף פון אונדזער לאַנד — דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. צו אונדזער גרויסן ווייטיק מוזן מיר דאָ היינט זאָגן, אַז דאָס, וואָס מיר האָבן דעמאָלט געזאָגט, איז ניט מקוים געוואָרן. פונקט פאַרקערט: דער „פאָרווערטס" און די הויפּט־פירער פון דעם אידישן אַרבעטער קאָמיטעט, די ראָגאָפּס און די כאַנינס, האָבן די גאַנצע צייט געשפּילט אַ שרעקלעך טרויעריקע ראָלע, אַ ראָלע, וואָס וועט פאַרשריבן ווערן מיט שאַנד אין דער געשיכטע פון די אַמעריקאַנער אידן.

נאָט אייך בלויז אַ פּאָר ביישפּילן, פון אונדזער לעצטער קאָנפערענץ ביז היינט. (מיר שטרייכן אונטער „אַ פּאָר", ווייל דאָס וואָס מיר גיבן אייך איז בלויז אַ קליינער טייל פון זייער שטערערישער ארבעט):

עס איז געווען באַלד נאָכן „בראָדקעסט" צו די אידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, פון אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי דר. ראָזען, פון דער אַגראָ־דזשוינט; וואַלדאָ פרענק, איינער פון די פּראָמינענטסטע אידיש־ענגלישע שרייבער; רבי לוקשטיין, איינער פון די פירנדע גייסטער צווישן די רעליגיעזע אידן, און דער וועטעראַן אין דעם אידישן לעבן, דר. חיים זשיטלאָווסקי — אַ „בראָדקעסט", וואָס האָט מיט די האַרציקע ווערטער אויפגעשטורעמט יעדן איינציקן אידן און ניט־אידן. און אָט־די זעלבע מענטשן, מיט אַלבערט איינשטיין בראש, מיט נאָך נאָענט צו 200 פון די פּראָמינענטסטע פּערזאָנען אין דעם אידישן לעבן, האָבן באַשלאָסן איינצולאַדן די אידן פון ניו יאָרק אין מעדיסאָן סקווער גאַרדן, כדי זיי צו געבן אַ מעגלעכקייט אויסצודריקן זייערע געפילן צו דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. זיי, די פאַרביסענע פון דעם אידישן לעבן, האָבן ניט פאַרפעלט מיט זייער שעדלעכער אַרבעט צו שטערן דאָס צוזאַמענרופן פון אָט־דעם מיטינג אין גאַרדן. און ווען דער מיטינג איז דאָך געווען אַ געשעעניש, וואָס האָט אויפגעשטורעמט די

אידישע עפנטלעכקייט — אזא וואָס האָט ניט געלאָזן דעם מינדעסטן ספק, אז דאָס איז ניט פאַר וועלכע ס'איז פּאַרטייאישע צוועקן; א מיטינג, וואָס האָט געגעבן אַ קרעפטיקן אויסדרוק צו די געפילן פון די אידישע מאַסן — האָבן זיי נאָך אַליץ אים געפּרואווט אונטערגראָבן פאַר דעם 17טן דעצעמבער, איידער ער איז געוואָרן געוואָרן, און אפילו נאָך דעם 17טן דעצעמבער, ווען ער איז שוין געוועזן אַ ליכטיקער פאַקט אין אונדזער ברידערלעך דערנענטערן זיך מיט די אידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

פאַקט נומער צוויי: די „ראָשיען וואָר רעליף" האָט אָנגעהויבן ווערן אַ כח אין דעם אַמעריקאַנעם לעבן. איר ארבעט הויבט אָן אַריינדרינגען אין אַמעריקאַנער פאָלק און צווישן די מאַסן פון אַלע נאַציאָנאַלע גרופּן. די אַטאַקעס, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אויפן „ראָשיען וואָר רעליף", האָבן זיך ניט צו־געקלעפּט, און די פירער פון דעם אידישן אַרבעטער קאָמיטעט זיינען געצוואונגען, דעם 1טן פעברואַר, 1942, צו שליסן אַן אָפּמאַך. אָבער גלייך נאָכן אָפּמאַך קומט דער טשערמאַן פון דעם אַדמיניסטראַטיוון קאונסיל פון דעם אידישן אַרבעטער קאָמיטעט אַרויס מיט אַ ביטערער אַטאַקע אויפן „ראָשיען וואָר רעליף" און צייכנט אָן דעם וועג, ווי אַזוי צו סאַבאָטאַזשירן יענעם אָפּמאַך, וואָס זיי אַליין האָבן געשלאָסן.

פאַקט נומער דריי: אַ ריי נאַציאָנאַלע גרופּן אין דעם „ראָשיען וואָר רעליף" האָבן אָרגאַניזירט באַזונדערע אָפּטיילונגען, ווי די רוסישע, די אוקראַי־נישע, די אַרמענישע, און אַנדערע. עס ווערט געבוירן דער געדאַנק וועגן באַשאַפן אויך אַ אידישע אָפּטיילונג. מען גרייט זיך צו דער קאָנפערענץ דעם 22טן פעברואַר, און די זעלבע פאַרביסענע עלעמענטן זיינען דאָ אויפן פּלאַץ — ניט נאָר זיי אַליין, נאָר זיי זוכן נאָך מאָביליזירן אַלע כחות, טאָן וואָס נאָר מעגלעך, כדי צו שטערן דעם געבורט פון אידישן קאונסיל פון „ראָשיען וואָר רעליף", ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס אַ צאָל פון די סאַמע וויכטיקסטע פּערזענלעכקייטן אין דעם אידישן לעבן האָבן זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון אָט־דער אַרבעט.

פעברואַר דעם 22טן איז פאָרגעקומען די גרינדונג־קאָנפערענץ פון אידישן קאונסיל. די קאָנפערענץ אין קאָמאָדאָר האָטעל איז געוועזן דער גרעסטער דער־פאָלג. 18 הונדערט דעלעגאַטן האָבן זיך אין איר באַטייליקט. די „ראָשיען וואָר רעליף" האַלט היילִיק דעם אָפּמאַך מיטן אידישן אַרבעטער קאָמיטעט און לאָזט ניט צו קיין דעלעגאַט פון אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען אָנגעשלאָסן אין דעם אידישן אַרבעטער קאָמיטעט. אָבער די פירער פון דעם אידישן אַרבעטער קאָמי־טעט, אָט טאַקע יענע ביטערע פירער וועגן וועמען מיר האָבן גערעדט, זיי גרייטן צו ברִיוועלעך „פון פאָלק", און דעם 2טן מערץ דרוקט מען אָפּ אין „פאָרווערטס" בריוועלעך, מיט וועלכע בלויז קאָגלין און נאָך אַזעלכע האָבן זיך געקאָנט פרייען.

פאקט נומער פיר: דעם 24טן מאי דערגרייכט צו אונדז אין די פאר־אייניקטע שטאטן דער צוווייטער רוף פון די סאָוועטישע אידן — א רוף, וואָס האָט אויפגעשטורעמט די אידישע מאסן איבער דער גאנצער וועלט, א רוף פון מענטשן, וואָס זיינען געקומען פון סאמע פייער, פון דער ערשטער שלאכט־ליניע קעגן דעם פאשיזם; א ווענדונג, וואָס האָט גערופן די אידן פון דער וועלט זיך צו פאראייניקן, כדי צו געבן די גרעסטע הילף און שטיצע צו די העראָאישע קעמפער אין סאָוועטן־פארבאנד; א רוף, אז די אידן איבער דער וועלט זאָלן זאמלען געלט צו קויפן טויזנט טאנקען און 500 עראָפּלאנען. דער „פאָרווערטס" האָט אפילו איבערגעדרוקט טיילן פון דעם רוף פאר טאנקען און עראָפּלאנען, אָבער נאָך דעם האָט ער געפירט א פּאָליטיק פון פארשוויינגן, מען זאָל וואָס שנעלער פארגעסן אָט־דעם צווייטן אנטי־פאשיסטישן קאָנגרעס אין מאָסקווע. און ווען אונדזער אָרדן האָט באשלאָסן, דעם 9טן יולי, צו ענטפערן אויף דעם רוף, איז מיט איין טאָג שפּעטער שוין דערשינען א ביטערע אטאקע, סיי פון דעם „פאָר־ווערטס"־רעדאקטאָר, סיי פון יענעם שענדלעכן, אזוי־גערופענעם פירער פון דעם אידישן ארבעטער קאָמיטעט.

## זיי אטאקירן אלע הילפס־אקציעס פארן סאָוועטן־פארבאנד

און ווען זיי האָבן דערזען, אז די קאמפּאניע פאר הילף צום סאָוועטן־פארבאנד אין דעם אינטערנאציאָנאלן ארבעטער אָרדן הויבט אָן אנצונעמען ברייטע פאָרמען, דרינגט אריין צווישן די אידישע מאסן, איז זיי ניט גענוג געווען זייערע אטאקעס, נאָר יענע עלעמענטן שטעלן זיך אין פארבינדונג מיט א שונא פון סאָוועטן־פארבאנד, א „רעד־בעיטער" אין דער „וואָרלד טעלעגראם", כדי צו אטאקירן די באוועגונג און אויף א געמיינעם אופן שלעפּט מען אריין א שיינע פּערזענלעכקייט פון דעם אידישן לעבן, דעם פירער פון דעם אמעריקאנעם אידישן קאָנגרעס, רבי ווייז, און ווען ער קומט ארויס אויף מאָרגן מיט אן אַפּלייקענונג, שעמען זיך ניט די זעלבע מענטשן צו פארשרייען די אַפּלייקענונג, כדי צו פארשטעלן דעם אמת פון די לייענער פון זייער צייטונג.

די זעלבע מענטשן האָבן נאָך אפילו געוואגט צו זאָגן, אז די פירער פון דער סאָוועטן־רעגירונג אין די פאראייניקטע שטאטן זיינען קעגן דעם רוף פון דעם אידישן אנטי־פאשיסטישן קאָנגרעס און קעגן דעם ענטפער, וואָס מיר האָבן געגעבן. און ווען דער סאָוועטישער אמבאסאדאָר, מאקסים ליטווינאָוו, שיקט אן אָפיציעלן בריוו צו אונדזער אָרדן, אין וועלכן ער דערקלערט, אז אונדזער קאמפּאניע האָט די פולע שטיצע פון דער סאָוועטן־רעגירונג, אויך דעמאָלט זעצט מען נאָך פאר אָט־די פינצטערע ארבעט פון אטאקירן יעדע הילפס־אקציע, וואָס ווערט אונטערנומען.

אָט־די זעלבע עלעמענטן האָבן באָיקאָטירט די קאמפּאניע פון דעם אמערי־

קאָנעם אידישן קאָנגרעס, פריער פאַר דער „יונייטעד וואָר עפאָרט", און שפּעטער, ווען דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס האָט אָנגעהויבן אַן „עמוירדזשענסי"־קאַמפּאַניע פאַרן סאָוועטן־פאַרבאַנד. די קאַמפּאַניע האָבן זיי שוין ניט געקאָנט פאַרשווייגן דורך אַ שטילן באָיקאָט, האָט מען אָנגעפאַנגען אַריינשלעפּן אויף אַ ניט־ערלעכן אופן דעם פירער פון אָט־דער קאַמפּאַניע, דר. טענענבוימען, כדי צו שטערן דעם אַמעריקאַנעם אידישן קאָנגרעס צו דערפילן זיין היסטאָרישן חוב צו די אידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

מיר האָבן אין אונדזער באַריכט ניט געהאַט בדעה צו ברענגען אייך דאָס גאַנצע שעדלעכע בילד פון אָט־די עלעמענטן פון אידישן לעבן, וואָס שפּילן אַריין אין די הענט פון די שונאים פון אונדזער לאַנד. אָבער מיר האָבן ניט געקאָנט פאַרבייגיין, אייך ניט ברענגען כאָטש אייניקע פאַקטן פאַרוואָס עס איז ניט דערגרייכט געוואָרן קיין פולשטענדיקע אייניקייט אין דעם אידישן לעבן. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט לענגער אויף דעם אידישן אַרבעטער קאָמיטעט און זיין ראָלע אין דעם אידישן לעבן, ווייל דער אידישער אַרבעטער קאָמיטעט האָט געקאָנט אין דער איצטיקער צייט שפּילן אַ וויכטיקע היסטאָרישע ראָלע פאַר די בעסטע אינטערעסן פון די אידן איבער דער וועלט און פון די אידן אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן. ליידער איז זיין ראָלע געווען אַזאַ, וואָס האָט דעם אידישן אַרבעטער קאָמיטעט אַריינגעשטופּט אין אַ שרעקלעך טעמפּן ווינקל.

מיר זאָגן דאָס אַלץ מיט ווייטאָג, ווייל אונדז טוט וויי אָט־די נאַציאָנאַל־שטערערישע אַרבעט פון אַ גרופּע אין אידישן לעבן, וואָס וואָלט געקאָנט ווערן אַ כח צו פאַראייניקן און בויען, און וועלכע האָט גאָר אויסגעקליבן דעם וועג פון צעטיילן און ברעכן. מיר קאָנען בלויז אויסדריקן די האָפענונג, אַז די ערלעכע, ערנסטע פירער אין דעם אידישן אַרבעטער קאָמיטעט וועלן זיך אַרומ־זען אין וואָס פאַר אַ געזעלשאַפטלעכן זומפּ די ראָגאָפּס און די כאַנינס האָבן זיי פאַרפירט, און אַז אויך די אָרגאַניזאַציע וועט ענדלעך ווערן אַ כח ניט קעגן נאָר פאַר אייניקייט.

## לאַנדסמאַנשאַפטן, „אינדעפּענדענט סאָסייעטיס" און פראַטערנאַלע אָרדנס

דער רוב מנין און רוב בנין פון דעם אידישן לעבן געפינט זיך אין אָט־די אָרגאַניזאַציעס, וואָס גייען אונטערן נאָמען לאַנדסמאַנשאַפטן, „אינדעפּענדענט סאָסייעטיס", פראַטערנאַלע אָרדנס און בתי־מדרשים. עס איז אמת, אַז די מיט־גלידער פון אָט־די אָרגאַניזאַציעס געהערן אויך דאָס רוב צו די טרייד־יוניאָנס, אָבער פּערזענלעך און געזעלשאַפטלעך לעבן זיי זיך אויס אַממערסטן אין אָט־די אָרגאַניזאַציעס. מיטן אויסנאַם פון די אָרדנס, וועלכע האָבן צענטראַלע קער־פּערשאַפטן און שפּילן אַ ראָלע ווי אַ געאייניקטער כח, זיינען די אינדעפּענדענט סאָסייעטיס און לאַנדסמאַנשאַפטן, אין וועלכע עס געפינען זיך אָן ספק די

גרעסטע צאָל אָרגאַניזירטע אידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ניט פאַראייניקט אין קיין צענטראַלע קערפּערשאַפטן, און דאָרטן וואו עס איז פאַראַן אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט, ווי די פאַרשיידענע פאַרבאַנדן פון פּוילישע, ליטווישע, אוקראַינער אידן און אַנדערע, האָבן זיי נאָך ניט באַוויזן צו ווערן אַן אמתער ווירקנדיקער כח אין דעם אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אָט־די אָרגאַניזאַציעס שפּילן אַ גוואַלדיק וויכטיקע פּראָגרעסיווע ראָלע. אין דעם לעצטן יאָר האָבן זיי אַריינגעשריבן איינעם פון די שענסטע קאַפּיטלען אין דעם אידישן לעבן. זיי האָבן געגעבן אַן אויסדרוק צו די געפילן פון די אידישע מאַסן און דורך זיי איז די אייניקייט־באַוועגונג געוואַקסן צו אַ דער־פרייענדיקן הויך־פּונקט. אָט־די אָרגאַניזאַציעס האָבן געשפּילט אַ גוואַלדיק גרויסע ראָלע אין ברענגען צום לעבן דעם אידישן קאָנסיל פאַר „ראָשיען וואָר רעליף", וועלכע האָט שוין ביז איצט אַרומגעכאַפּט אין אַלע הויפּט־צענטערן פון לאַנד, ניט אין די הונדערטער, נאָר אין די טויזנטער לאַנדסמאַנשאַפטן.

אין דעם באַריכט קאָנען מיר זיך ניט אָפּשטעלן אויף דער ראָלע פון דעם אידישן פאָלקס־קאָמיטעט, פון דעם „איקוף", פון דעם „איקאָר". מיר קאָנען בלויז זאָגן, אַז זיי האָבן אין די לעצטע יאָרן געטאָן אַלץ, וואָס איז געווען אין זייערע כחות צו העלפן שאַפן אייניקייט אין דעם אידישן לעבן, אַז די היס־טאָרישע ראָלע, וואָס דער אידישער פאָלקס־קאָמיטעט האָט געשפּילט, זינט ער האָט זיך געגרינדעט, האָט אַן ספק געהאַט אַ באַדייטנדע ווירקונג אויף גרויסע און וויכטיקע קערפּערשאַפטן אין דעם אידישן לעבן, זיי צו דערנענטערן צו דער אידייע פון אייניקייט און דערוועקן אין זיי די נויטווענדיקייט צו שטיין מער אויף דער וואַך פאַרן קאַמף פון די אידישע רעכט אין אַלע לענדער.

## די אידישע פּרעסע הויבט זיך אָן באַפרייען פון „פאָרווערטס"־איינפלוס

עס איז אויך נויטיק צו פאַרצייכענען די דערפרייענדיקע דערשיינונג פון אונדזער פּרעסע: דער „מאָרגן־זשורנאַל" און דער „טאָג", וועלכע האָבן זיך לײדער לאַנגע יאָרן געלאָזט באַאיינפלוסן פון „פאָרווערטס", — אָט־די צייטונגען הויבן אָן באַווייזן ערנסטע סימנים, וואָס דייטן אָן, אַז זיי הויבן זיך אָן אָריענ־טירן אויף דער זייט פון די ברייטע אידישע פאָלקס־מאַסן און פאַר זייערע בלוטיקע אינטערעסן.

לאָמיר געבן בלויז איניקע פאַקטן פון דער לעצטער צייט, וואָס באַשטעטיקן דאָס וואָס מיר זאָגן.

סיי דער „מאָרגן־זשורנאַל" און סיי דער „טאָג" האָבן אָפּגעגעבן פּלאַץ פאַר דעם שרייבער־ און קינסטלער־קאָמיטעט און האָבן אָפּגעשפּיגלט דעם מעדיסאָן סקווער גאַרדן מיטינג — דער ערשטער גרויסער און וויכטיקער שריט פון דעם שרייבער־ און קינסטלער־קאָמיטעט.

ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אין די ציַיטונגען זיַינען דערשינען איַיניקע אַרטיקלען קעגן דער גרינדונג פון אידישן קאָונסיל פון „ראָשיען וואָר רעליף", האָבן סיי דער „מאָרגן־זשורנאַל" און סיי דער „טאָג" אָנגענומען אַ פּאָזיטיווע שטעלונג, און ס'איז ניט געווען קיין איין וויכטיקע אַקציע, וואָס די „ראָשיען וואָר רעליף" זאָל האָבן דורכגעפירט, אויף וועלכע די ציַיטונגען זאָלן ניט האָבן רעאַגירט אויף אַ פּאָזיטיוון אופן.

ווען דער „פאָרווערטס" האָט אָרגאַניזירט זיין מיאוס שטיקל אַרבעט אין דער „וואָרלד טעלעגראַם", האָבן סיי דער „מאָרגן־זשורנאַל", סיי דער „טאָג" איגנאָרירט אָט־די נייעס. אָבער — סיי דער „טאָג" און סיי דער „מאָרגן־זשורנאַל" האָבן אויף מאָרגן געדרוקט רבי וויַיזעס דערקלערונג. דער „טאָג" האָט נאָך דערצו אָפּגעדרוקט די דערקלערונג פון דעם טרייד־יוניאָן קאָמיטעט.

אין דער טאַנקען־קאַמפּאַניע, וואָס דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן האָט געפירט, האָבן סיי דער „טאָג" און טיי דער „מאָרגן־זשורנאַל" זיך אָפּגעגרענעצט פון דעם „פאָרווערטס". זיי האָבן די נייעס פון דעם אַמבאַסאַדאָר ליטווינאָוו געגעבן אויף זייער אַ פּראָמינענטן פּלאַץ. דער „פאָרווערטס" איז אין דער אַקציע געבליבן איזאָלירט, איינער אַליין, און זיין פּנים אַלס שונא פון סאָוועטן־פאַרבאַנד איז דערמיט בולטער ארויסגעשטעלט געוואָרן פאַר די אידישע מאַסן.

מיט צופרידנהייט ווילן מיר אויך פעסטשטעלן, אַז דער „מאָרגן־זשורנאַל" און דער „טאָג" האָבן זיך לעצטנס באַצויגן צום אָרדן אַ סך מער פּאָזיטיוו ווי זיי האָבן דאָס געטאָן אין די פריערדיקע יאָרן. זיי האָבן געדרוקט אַ ריי נייעסן וועגן וויכטיקע אַרבעטן פון אונדזער אָרדן, און מיר ווילן נאָך צוגעבן, אַז די גאַנצע אידישע פּרעסע איבערן לאַנד — די אידישע ציַיטונגען אין שיקאַגאָ, קליוולאַנד, לאָס אַנדזשעלעס, אין קאַנאַדע — זיי אַלע האָבן אין אַ גרויסער מאָס געענדערט זייער באַציאונג צום סאָוועטן־פאַרבאַנד.

די איינציקע אמת־שעדלעכע ציַיטונג, וואָס איז געבליבן אין אידישן לעבן, איז דער „פאָרווערטס".

וועגן דער „מאָרגן־פרייהייט" וועלן מיר רעדן אין אַ באַזונדער קאַפּיטל. מיר קאָנען זיך אָבער ניט אָפּהאַלטן פון זאָגן, אַז די „מאָרגן־פרייהייט" האָט באַזונדערס אין דעם לעצטן יאָר געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע פאַר בויען איַיניקייט. איר ראָלע אויף דעם געביט איז ניט אָפּצושאַצן. זי האָט ציַיטנווייז פאַרבויגן שענדלעכע אַטאַקעס, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אויף איר. זי האָט אין איין ציַיט געהאָפט, צוזאַמען מיט אונדז, אַז יענע איינגעשפּאַרטע עלעמענטן אין דעם אידישן לעבן וועלן זיך אַרומזען אין וואָס פאַר אַ זומפּ זיי זיַינען פאַרקראָכן. די גאַנצע פּאָליסי פון דער „מאָרגן־פרייהייט" און איר ראָלע אין דעם לעצטן יאָר איז פון אַזאַ כאַראַקטער, אַז מיר זיַינען זיכער, אַז איר אַרבעט וועט

נאָך אָפּגעשאַצט ווערן פון אַלע קלאַסן אידן אַלס איינער פון די גרעסטע בייטראָגן, וואָס אַ צייטונג אין אידישן לעבן האָט ווען עס איז געמאַכט אין אַזאַ ערנסטער צייט, ווי די אידן לעבן איצט דורך.

## איינקייט ווערט דאָך געשאַפן אין אידישן לעבן

דאָס וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן דער אידישער פּרעסע שפּיגלט זיך אָפּ אין אַ גרויסער מאָס אין דעם אידישן לעבן. אָט זעהן מיר אין דעם אידישן קאָונסיל פון „ראַשיען וואָר רעליף" און אַרבעטן מיט די פאָרשטייער פון אינדעפּענדענט אָרדן ברית־אברהם, פון אָרדן ברית־שלום, פאָרשטייער פון רעליגיעזן אידנטום, פאָרשטייער פון לאַנדסמאַנשאַפטן־פאַרבאַנדן, און אַלע אין דעם קאָמיטעט האָבן דערפילט, אַז אַרום קאָנסטרוקטיווער אַרבעט פאַר די אינטערעסן פון די אידן אַרבעטן אַלע מיט דער זעלבער איבערגעבנקייט. און דערפאַר האָט דער אידישער קאָונסיל געמאַכט אַזאַ מין גרויסן בייטראָג צום אידישן לעבן אין די 9 חדשים זינט ער עקזיסטירט.

אין דעם אידישן קאָונסיל פאַר „ראַשיען וואָר רעליף" אין אַלע וויכטיקסטע צענטערן פון לאַנד געפינען זיך די וויכטיקסטע פאָרשטייער פון דעם אַמעריקאַנעם אידישן קאָנגרעס. עס זיינען שוין דאָ אַ צאָל פאָרשטייער פון דער בני ברית. לעצטנס האָבן אָנגעפאַנגען מיט אונדז נעענטער מיטצואַרבעטן פאָרשטייער פון דער דזשוינט דיסטריביושאָן קאָמיטע. עס איז גענוג צו דערמאָנען די קאָנפערענצן, וואָס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין שיקאַגאָ און פילאַדעלפיע, אין דעטראָיט, אין נואַרק, און די לעצטע קאָנפערענץ אין באָסטאָן, כדי איינצוזען, אַז דאָס אידישע לעבן ווערט דורכגעדרונגען מיטן באַגער און פאַרלאַנג פאַר איינקייט. דער באַנקעט פאַר אַלבערט איינשטיין אין ניו יאָרק, וואו עס זיינען געוועזן פאַרטראָטן 3 טויזנט פאָרשטייער פון אַלע אָרגאַניזאַציעס פון אַלע ריכטונגען אין אידישן לעבן, אפילו פון דעם אידישן אַרבעטער קאָמיטעט, באַווייזט, אַז די אידייע פון איינקייט האָט דורכגעדרונגען דאָס אידישע לעבן, אַז דאָס לעצטע יאָר האָט פאַרצייכנט אַ צאָל דערגרייכונגען ,וואָס גיבן אונדז אַן אָנזאָג, אַז קומענדיקן יאָר וועט מעגלעך ווערן, אַז די אידייע פון איינקייט זאָל אויך אַריינדרינגען אין די לעצטע ווינקלען פון אידישן לעבן.

די קאָנווענשאָנס, וואָס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין דעם אידישן לעבן אין דעם לעצטן יאָר, די קאָנווענשאָן פון דער הדסה, די גרעסטע פרויען־אָרגאַניזאַציע אין דעם אידישן לעבן ; די „עמוירדזשענסי"־קאָנפערענץ פון דעם אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס אין שיקאַגאָ, וועגן וועלכער מיר האָבן שוין גערעדט, און די איינקייט־פּראָגראַם, וואָס די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען ; דער לעצטער „מעסעדזש" פון חיים וויצמאַן צו דעם איינקייט־מיטינג פון דעם שרייבער־ און קינסטלער־קאָמיטעט אין קאַרנעגיע האָל, דער איינקייט־מיטינג זעלבסט — דאָס

זיינען אַלע ליכטיקע דערשיינונגען אין דעם אידישן לעבן און גיבן אונדז גלויבן און האָפענונג, אַז די אידייע פון אייניקייט, אויף וועלכער מיר האָבן אַוועקגעגעבן אַזוי פיל מי און ענערגיע, וועט אין דער נאָענטער צוקונפט ווערן אַ ווירקלעכקייט אין אידישן לעבן.

## אונדזער הילף צום סאָוועטן-פאַרבאַנד

פון דעם ערשטן טאָג אָן, זינט עס איז באַשאַפן געוואָרן די ערשטע רעליף-אָרגאַניזאַציע, די „קאָמיטעט פאַר מעדיצינישער הילף צום סאָוועטן־פאַרבאַנד", האָט דער אָרדן אַלס אַ גאַנצער זיך גלייך אַקטיוו באַטייליקט. דעם אַקטיוון אַנטייל האָט ער אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט. דער בייטראָג פון אונדזער אָרדן אַלס אַ גאַנצן, פון אַלע זיינע שפּראַכן־סעקציעס, איז איינער פון די סאַמע שענסטע אויפטואונגען, וואָס אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט דערגרייכט אין די לעצטע 14 חדשים; און אויפטו, וואָס מיר מעגן, מיט אונדזער גאַנצער באַשיידנקייט, זיך מיט אים גרויסן! דעם סאַמע שענסטן בייטראָג האָט אָבער אונדזער אידישע סעקציע געמאַכט, נאָך דעם ווי מיר האָבן באַקומען דעם רוף פון דעם אידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט, דעם 24טן מאַי, 1942, אַז די אידן איבער דער וועלט זאָלן העלפן זאַמלען געלט פאַר טויזנט טאַנקען און 500 עראָפּלאַנען.

מיר האָבן שוין דערמאָנט אין אונדזער ערשטן קאַפּיטל, אַז מיר האָבן געוואַרט זעקס וואָכן איידער מיר האָבן אויף דעם רוף געענטפערט, ווייל מיר האָבן געהאַט דעם טיפן גלויבן, אַז אויף אָט־דעם רוף, וואָס איז געקומען פון סאַמע האַרצן פון סאָוועטישן אידנטום, וועלן זיך אָפּרופן אַ סך מער אידישע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. ווייזט אָבער אויס, אַז די דערשטיקנדיקע האַנט אין דעם אידישן לעבן האָט אין יענער צייט דערגרייכט די קרייזן, וועלכע וואָלטן אונטער אַנדערע אומשטענדן, אפשר טאַקע איצט, אויף אַ ווירדיקן אופן גע־ענטפערט. אָפּוואַרטנדיק זעקס וואָכן און זעענדיק, אַז קיין ענטפער פון קיין אַנדער אידישער אָרגאַניזאַציע איז ניט געקומען, האָט די נאַציאָנאַלע עקזעקו־טיווע פון אונדזער סעקציע באַשלאָסן אַליין צו ענטפערן דעם רוף. און איך קאָן דאָ היינט מיט זיכערקייט זאָגן, אַז די אידיש־אַמעריקאַנער סעקציע האָט מיט איר אַקציע אריינגעשריבן איינעם פון די שענסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון די אידן אין אַמעריקע. ניט קוקנדיק אויף די אַטאַקעס, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן קעגן אונדז פון די אַנטי־סאָוועטישע עלעמענטן אין דעם אידישן לעבן, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער „פאָרווערטס" האָט זיך ניט אָפּגעהאַלטן פון פאַרשפּרייטן די געמיינסטע בלבולים קעגן אונדז, כדי צו שטערן די הילפס־אַקציע פאַרן סאָוועטן־פאַרבאַנד בכלל, און די אַקציע וואָס איז גע־קומען ווי אַן ענטפער אויפן רוף פון דעם אידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט בפרט (אַן ארבעט, וואָס דער „פאָרווערטס" האַלט אָן ביזן היינטיקן טאָג!)

— ניט קוקנדיק אויף דעם אַלעם, איז אָט־די קאַמפּאַניע דורכגעפירט געוואָרן מיטן גרעסטן דערפאָלג.

מיר האָבן אַרויסגעלאָזן אונדזער רוף דעם 9טן יולי, 1942. מיר האָבן געראַפּן שאַפן 100 טויזנט דאָלער ביזן 1טן יאַנואַר, 1943. און שוין אין די ערשטע טעג פון אָקטאָבער, מיט 3 חדשים פריער פאַרן באַשטימטן טערמין, האָבן מיר דערגרייכט די פולע סומע פון 100 טויזנט דאָלער. עס האָט גענומען עטלעכע וואָכן ביז די קאַמפּאַניע האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען, אָבער ווען זי האָט זיך אַנטוויקלט איז אַריינגעקומען אין משך פון די זומערדיקע וואָכן אַ דורכשניט פון 10 טויזנט דאָלער אַ וואָך. אַלע באַריכטן, וואָס זיינען אָנגעקומען פון לאַנד און אויך פון אונדזערע הויפּט־צענטערן אין ניו יאָרק, האָבן אונדז דערציילט, אַז די ברייטע אידישע מאַסן, ווען אונדזער רוף פאַר הילף פאַרן סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט דערגרייכט, האָבן ביגעטראָגן מיט אַ ברכה אויף די ליפּן, געגעבן מיט דאַנקבאַרקייט, מען האָט געטראָגן אַנטקעגן דיימס, קוואָדערס, האַלבע דאָלערס, דאָלערס און מער. אָט־די קאַמפּאַניע האָט פעסט־געשטעלט, פון איין זייט, די ליבע און באַגייסטערונג פון די אידישע מאַסן פאַרן סאָוועטן־פאַרבאַנד, און פון דער צווייטער זייט, אַז ווען די היגע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס וואָלטן געענטפערט אויפן רוף פון די סאָוועטישע אידן, וואָלט מעגלעך געווען צו דערגרייכן מיליאָנען דאָלאַרן, און אויף אַזאַ אופן, כאָטש אין אַ קליינער מאָס, אָפּצאָלן אַ חוב, וואָס מיר זיינען שולדיק אונדזערע סאָ־וועטישע ברידער און דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד בכלל. אָפּגערעדט שוין פון דעם, וואָס פאַר אַ זעלטענער היסטאָרישער אויסדרוק פון סאָלידאַריטעט מיט די סאָוועטישע אידן אַזאַ אַקציע וואָלט געווען.

אונדזער מיינונג איז, אַז אָט־די קאַמפּאַניע פאַר הילף צו דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט ניט נאָר געהאָלפן שאַפן מער פריינטלעכע באַציאונגען צווישן אונדזער לאַנד און דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, נאָר אַז אָט־די אַקציע האָט אויך געהאָלפן די פירער פון אונדזער לאַנד צו מאָביליזירן די אידישע באַפעלקערונג פאַר אַלע וויכטיקע מלחמה־אַקציעס אין וועלכע אונדזער רעגירונג נויטיקט זיך. עס קאָן קיין ספק ניט זיין, אַז מיט אָט־דער אַרבעט האָבן מיר צוגעגרייט דעם באָדן פאַר ווייטערדיקער געמיינזאַמער אַרבעט, אין דעם מאָמענט ווען אונ־דזערע שונאים וועלן צעשמעטערט ווערן, ווייל אין סאַמע תוך איז עס דאָך ניט געווען סתם אַ געלט־זאַמלונג, ס'איז דאָך געווען אַ מאָביליזאַציע פון דער עפנטלעכער מיינונג צווישן דער אידישער באַפעלקערונג פאַר דער נויט־ווענדיקייט צו געווינען די מלחמה און צו צעשמעטערן דעם פאַשיזם.

אונדזער אַקציע האָט געהאָלפן דורכברעכן די וואַנט, וואָס די רעאַקציאָנערע כחות אין דעם אידישן לעבן, די אַנטי־סאָוועטישע עלעמענטן, האָבן געזוכט אויפצושטעלן, מיטן צוועק אָפּצושטעלן מחוץ למחנה יענע עלעמענטן, וואָס

העלפן בויען דאָס אידישע לעבן, וואָס זיינען אַ געזונטער טייל פאַר אַלץ וואָס איז קאָנסטרוקטיוו אין דער אידישער אַמעריקע.

פאַרשטייט זיך, אַז מען דאַרף זיך ניט נאַרן. יענע אַנטי־סאָוועטישע, שטערנדיקע עלעמענטן אין דעם אידישן לעבן האָבן נאָך ניט אויפגעגעבן און וועלן אַזוי שנעל ניט אויפגעבן זייער צעשטערנדיקע אַרבעט. אָבער לאָמיר פאַרזעצן אונדזער אַרבעט אין אָט־דער ריכטונג, זאָל אונדזער גאַנצער אָרדן, פון די ברענטשעס ביז דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, באַטראַכטן אין דעם איצטיקן מאָמענט די אויפגאַבן וועגן וועלכע מיר האָבן גערעדט — די אַרבעט צו געווינען די מלחמה, ווי די איינציקע אויפגאַבע, וואָס שטייט איצט פאַר אַלע פאַראייניקטע פעלקער, פאַר אונדזער לאַנד, פאַר די אידן ,פאַר אונדזער אָרדן, און אַז ס'איז ניטאָ קיין שום אַנדער זאַך, וואָס קומט פריער. אין אַלע אונדזערע טעטיקייטן מוזן מיר אין זינען האָבן, אַז געווינען די מלחמה — דאָס איז צו יעדער צייט שטענדיק דער סאַמע צענטער פון אונדזער אַרבעט, און אַז כדי צו העלפן געווינען די מלחמה, מוזן מיר בויען אייניקייט און אַז די אייניקייט צווישן אונדז אידן וועט זיין אַ גוואַלדיקער סטימול צו העלפן שאַפן אייניקייט אין דעם גאַנצן לאַנד, און אַז מיר זיינען אָט־די אויפגאַבן איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן, אָן וועלכע עס איז ספּעציעלע אינטערעסן. וועלן מיר דאָס אַלץ פאַרשטיין און דורכפירן — דעמאָלט וועלן די שטערנדיקע כחות אין דעם אידישן לעבן אָפּגעווישט ווערן — אָפּגעווישט ווערן, ווייל זיי וועלן שטיין קעגן דעם ווילן און די אינטערעסן פון פאָלק — און דעמאָלט וועלן שוין אַלע אָנערקענען דעם קאָנסטרוקטיוון כח און דעם חשובן בייטראָג, וואָס אונדזער אָרדן האָט געמאַכט אין דער איצטיקער צייט.

### ציפערן וואָס דערציילן וועגן פּראַקטישער הילפס־אַקציע פון אָרדן *)

כדי צו ענטפערן אויף דעם געמיינעם בלבול, וואָס דער „פאָרווערטס" זוכט אויסצוטראַכטן אויף אונדז, אַז מיר האָבן, ערשטנס, זייער ווייניק הילף געזאַמלט פאַר דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, און צווייטנס, אַז דאָס וואָס מיר האָבן געזאַמלט, האָבן מיר ניט אָוועקגעגעבן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד — ווילן מיר אויף אָט־די ווילדע אַטאַקעס ענטפערן בלויז מיט אַ פּאָר ציפערן: אונדזער אָרדן אַלס אַ גאַנצער האָט פון דעם 29טן סעפּטעמבער, 1941, ביז דעם 23טן נאָוועמבער, 1942 (אין קאַרגע 14 חדשים), צוגעטראָגן צו דער „ראָשיען וואָר רעליף" — $417,745.91 — דאָס נעמט ניט אַריין די צענדליקער טויזנטער דאָלער, וואָס די ברענטשעס האָבן צוגעטראָגן אויף די ערטער. צוזאַמען מיט די געלטער, וואָס זיינען צוגעטראָגן געוואָרן לאָקאַל, האָט אונדזער אָרדן ביז היינט, אָן ספק, צוגעטראָגן איבער אַ האַלבן מיליאָן דאָלער. אין אָט־דעם בייטראָג געפינט זיך געזאַמלטע געלט פון דער אידישער סעקציע — $159,686.23, צוזאַמען מיט

דער סומע פון 25 טויזנט דאָלער, וואָס מיר האָבן צוגעגרייט צו געבן דעם 14טן דעצעמבער פאַר אַ ספּעציעלן איינקויף פון וואַרעמע קליידער פאַר דער רויטער אַרמיי, באַטרעפט די סומע, וואָס די אידישע סעקציע האָט ביינעטראָגן דורך דעם נאַציאָנאַלן אָפיס $184,686.23.

אָט־די ציפערן זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער גאַנצער אידישער פּרעסע, כדי צוריקצושליידערן די אַטאַקעס פון דעם אַנטי־סאָוועטישן געזינדל, און אויך אַרויסצוברענגען דעם נעבעכדיקן ביישטראָג, וואָס דער גרויסער אַר־בעטער רינג פון 70 טויזנט מיטגלידער האָט ביינעטראָגן — אַ סומע פון $1,768. אין דעם זיינען געווים ניט שולדיק די מיטגלידער פון דעם אַרבעטער רינג. אָ, ניין! זיי האָבן זיכער געוואָלט ביישטראָגן, און וואַרשיינלעך האָבן אַ גרויסע צאָל מיטגלידער פון דעם אַרבעטער רינג זייער ביישטראָג געגעבן צו דער „ראָשיען וואָר רעליף", אָבער אָט־די סומע וועט אויסגעקריצט ווערן ווי דער קין־צייכן אויף די שטערנס פון די כאַנינס און ראַגאָפּס.

פון דעם קורצן סך־הכל, וואָס מיר האָבן געמאַכט וועגן די כחות־פאַר־העלטענישן אין דעם אידישן לעבן, קאָן מען ציען די פאָלגנדע שלוסן: ניט קוקנדיק אויף די שוואַרצע וואָלקנס, זעען זיך איצט אין דעם אידישן לעבן ליכטיקע האָריזאָנטן. דאָס לעצטע יאָר האָט אָנגעפאַנגען אַ ניי קאַפּיטל אין דעם אידישן לעבן. די אידייע פון אייניקייט האָט דורכגעדרונגען דאָס גאַנצע אידישע לעבן, און דערמיט איז געמאַכט געוואָרן אַ וויכטיקער ביישטראָג צו העלפן אונדזער לאַנד און די פאַראייניקטע פעלקער געווינען די מלחמה. עס איז געמאַכט געוואָרן דער ערשטער וויכטיקער טראָט פאָראויס צו פאַראייניקן אַלע קאָנ־סטרוקטיווע כחות פון די אידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין קאַמף קעגן די אַנטיסעמיטן; דערמיט איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר דעם, אַז די אידישע מאַסן אין די פאַראייניקטע שטאַטן זאָלן זיך ענגער פאַרבינדן מיט דעם צווייטן גרעסטן אידישן קיבוץ פון דער וועלט, מיט די אידן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד און מיט די אידן פון אַלע אַנדערע לענדער, אַזוי אַז ווען דער טאָג וועט קומען, ווען דער פאַשיזם וועט באַזיגט ווערן, וועלן די פאַראייניקטע כחות פון די אידן אויך קאָנען מאַכן אַ וויכטיקן ביישטראָג צו געווינען אַזאַ פרידן, אין וועלכן עס זיינען בלוטיק פאַראינטערעסירט די פאָלקס־מאַסן פון אַלע פאַר־אייניקטע פעלקער און באַזונדערס דאָס אידישע פאָלק.

---

*) אין דער צייט, וואָס די בראָשורע גייט צום דרוק — דריי וואָכן נאָך דער איסטערן קאָנפערענץ — האָט די אידישע סעקציע איבערגעגעבן אַ סומע פון נאָך 25 טויזנט דאָלאַר דירעקט צו דער „ראָשיען וואָר רעליף", צו איינקויפן וואַרעמע קאָלדרעס פאַר דער רויטער אַרמיי, און נאָך 10 טויזנט דאָלאַר צום „יונייטעד דזשואיש וואָר עפאָרט", צו איינקויפן פינף האָספּיטאַל־יוניטס פאַר דער רויטער אַרמיי.

# שלום

חברטעס און חברים דעלעגאַטן! יעדער צוזאַמענקונפט פון אונדזער אָרדן, יעדע קאָנפערענץ, נאַציאָנאַל צי לאָקאַל, האָט אונדז געהאָלפן לייזן אַ צאָל וויכטיקע פּראָבלעמען וואָס זיינען פאַר אונדז געשטאַנען, האָט אַ שטויס געטאָן אונדזער אַרבעט פאָראויס, האָט אונדז ענגער פאַרבונדן מיט די אידישע מאַסן, האָט געגעבן האָפענונג, מוט און גלויבן צו אונדזער גאַנצער פירערשאַפט און מיטגלידערשאַפט אין דעם אידעאַל, וועלכער האָט געבראַכט צום לעבן אונדזער אָרדן, האָט אים געהאָלפן אויפבויען ווי איינער פון די פּרעכטיקסטע אינ־סטרומענטן אין דעם אַלגעמיינעם לעבן פון אונדזער לאַנד און אין דעם אידישן לעבן. מיר זיינען זיכער, אַז אויך די איצטיקע קאָנפערענץ וועט מאַכן איינעם פון יענע בייטראָגן, מיט וועלכע די פריערדיקע קאָנפערענץ אונדזערע האָט זיך אויסגעצייכנט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אונדזער גאַנצע אָרגאַניזאַציע, אונדזער גאַנצער אַפּאַראַט, יעדער טייל פון אונדזער אָרדן מוז אין דעם איצטיקן מאָמענט זיך באַשעפטיקן מיט דער הויפּט־פראַגע: ווי אַזוי אָפּווישן דעם הויפּט־שונא, דעם פאַשיזם, פון דער וועלט, און וואָס שנעלער! אָבער מיר קאָנען זיך ניט אָפּ־האַלטן פון זאָגן, אַז ניט נאָר ווילן מיר וואָס שנעלער געווינען די איצטיקע מלחמה, נאָר אַז מיר ווילן געווינען אויך יענעם פרידן, אין וועלכע עס נויטיקן זיך אַזוי שטאַרק די האָרעפּאַשנע מאַסן איבער דער גאַנצער וועלט; אין וועלכן עס נויטיקט זיך אַזוי שטאַרק אונדזער אידיש פאָלק, די אידישע מאַסן. לאָמיר דערפאַר אויסדריקן אונדזער האָפענונג, אַז ווען דער איצטיקער קאָשמאַר וועט אַוועק פון דער וועלט, וועט באַשאַפן ווערן אַ וועלט, וואו עס וועלן ניט זיין קיין מיליאָנען אַרבעטסלאָזע. עס וועט ניט זיין אַזאַ וועלט, וואָס אין דער צייט ווען עס זיינען פאַראַן מיליאָנען הונגעריקע, פאַרברענט מען עסנוואַרג אויף די פעלדער, כדי איינצלנע זאָלן קענען מאַכן פּראָפיטן; אַז אין דער צייט ווען עס איז פאַראַן אַזוי פיל רייכטום אויף דער וועלט און אַזוי פיל ליידיקע הענט צו באַשאַפן נאָך מער רייכטום, זאָלן מיליאָנען מענטשן אַרומגיין באָרוועס און נאַקעט, זאָלן מיליאָנען מענטשן ניט האָבן קיין דאַך איבערן קאָפּ.

ניין! פאַר אַזאַ וועלט וואָלט זיך ניט געלוינט אַוועקצוגעבן אָט־די מיליאָנען לעבנס, וואָס ווערן איצט אַוועקגעגעבן.

לאָמיר דערפאַר ווידמען אונדזער גאַנצע צייט, אונדזער גאַנץ לעבן; לאָמיר ניט זשאַלעווען צו ברענגען די גרעסטע קרבנות, צו העלפן טאַקע וואָס שנעלער געווינען די איצטיקע מלחמה. אָבער לאָמיר ניט פאַרגעסן צו העלפן געווינען דעם שלום פאַר אַלע פאָלקס־מענטשן, פאַר אַ גליקלעכער, פאַר אַ בעסערער, פאַר אַ שענערער וועלט!

**ביכער און בראָשורן, וואָס יעדער איינער דאַרף לייענען!**

צוויי צייטיקע און אויסערגעוויינלעך־וויכטיקע בראָשורן:

## 1. אַן ענטפער מיינע קריטיקער

## 2. אַן ענטפער דוד פינסקי׳ן

געשריבן אין אַ געלייטערטן סטיל און אין אַ קרעפטיקער שפּראַך.

פון **דר. חיים זשיטלאָווסקי**

**פרייז פון יעדער בראָשורע 5 סענט**

## 3. אידישע איינִיקייט פאַר אַ זיג

אַן אויסערגעוויינלעך־וויכטיקע בראָשורע, אין וועלכער עס ווערט ברייט אַנאַליזירט די ברענענדיקע פראַגע וועגן איינִיקייט פון די אידן אין אַמעריקע. (די זעלבע בראָשורע אויך אין ענגליש)

געשריבן פון **ר. זאַלצמאַן**

**פרייז 3 סענט**

## 4. „סאָוועטלאַנד"

געשריבן פון **היולעט דזשאַנסאָן** (דער דין פון קענטערבורי)
איבערזעצט אין אַ פליסיקער שפּראַך פון **ש. אַלמאַזאָוו**
שיין אַרויסגעגעבן, פּראַכטפול געבונדן, 400 זייטן, מיט אַ פאָררעדע
פון **דר. חיים זשיטלאָווסקי** און אַן אַריינפיר פון **נ. בוכוואַלד.**

**פרייז בלויז 45 סענט**



**די ביכער און בראָשורן זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער אידיש־אַמעריקאַנער סעקציע, אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן.**

**די ביכער און בראָשורן קאָן מען זיך איינשאַפן אויף די מיטינגען פון די ברענטשעס, אָדער דורך באַשטעלן זיי דירעקט דורך דעם נאַציאָנאַלן אָפיס, אויף דעם אדרעס:**

**I.W.O., JEWISH-AMERICAN SECTION**
**80 Fifth Avenue, New York, N. Y.**